מ. י. סאַלטיקאָוו־שטשעדרין

סאַטירישע

# מעשה׳לאַך

איבערזעצט פון נ. בוכוואלד

ארויסגעגעבען פון פארלאג „נייע וועלט"
ניו יאָרק, 1921

# אינהאַלט:

זייט


דער האָז מיט אַ ניכטערען שכל — 7

דער נאַר — 19

דער האָרעפּאשנער פערד — 34

דער ווילדער פריץ — 43

דער אמת — 54

דער פּקח דער פיסקאַר — 69

דער באַראַן וואָס האָט פאַרלאָרען דעם זכרון — 77

דער קאָראָס דער אידעאַליסט — 85

דאָס וואַכענדיג אויג — 101

קריסטוס נאַכט — 108

ווי אַ מוזשיק האָט ערנעהרט צוויי גענעראַלען — 117

מ. י. סאַלטיקאָוו־שטשעדרין (געבוירען אין 1826, געשטאָרבען אין 1889) איז באוואוסט אלס דער גרויסער רוסישער סאַטירי־קער, דער מייסטער פון דעם עזאָפּ־סטיל, פון שרייבען „צווישען די שורות”. זיינע ווערק שפּיגלען אָפּ איינע פון די אינטערע־סאַנטסטע פּעריאָדען אין דער געשיכטע פון דער רוסישער געזעל־שאַפטליכקייט, די בליהונג־צייט פון דעם רוסישען ליבעראליזם.

די סאַטירישע מעשה׳לאך, וואָס געהען אריין אין דעם באַנד, האָבען ניט נאָר אַ הויכען ליטעראַרישען ווערט — זיי זיינען אויך ווערטפול אַלס אַ קאָנטראַסט צווישען דעם רוסלאַנד פון לייב־אייגענטום און דעם רוסלאַנד פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, צווישען דעם שרעקענדיגען ליבעראַליזם און דער געוואַגטער רעוואָלוציע.

**איבערזעצער.**

# דער האָז מיט אַ ניכטערען שכל.

דאָס איז געוועזן אפילו אַ געוועהנליכער האָז, אָבער אַ בעל שכל. און ער האָט געדענקט און גערעדט אַזוי ניכטער און בעל הביתיש, אַז אפילו אַן עזעל האָט איהם געמעגט מקנא זיין. באַהאַלט זיך אונטער אַ קוסט, מען זאָל איהם ניט ארויסזעהן, און רעדט צו זיך אַליין.

— יעדער חיה, — זאָגט ער, — איז אָנגעצייכענט איהר לעבען. דער וואָלף לעבט אַ וואָלפיש לעבען, דער לייב אַ לייבען־לעבען, און דער האָז אַ האָזישען. צו דו ביזט צופריעדען מיט דיין לעבען צו ניט — דאָס פרעגט ביי דיר קיינער ניט. לעב זיך ווי דיר איז באַשערט, און גאָרניט. אונז האָזען, צום ביישפּיעל, עסט יעדער איינער. דאַכט זיך מיר וואָלטען געקענט האָבען גערעכטע טענות געגען דעם. אָבער אַז מען באַטראַכט דאָס ניכטער און פאַרנינפטיג, וואָלטען אונזערע טענות קוים געווען גערעכטע. ערשטענס, דער וואָס עסט אונז, ווייסט וואָס ער טוט און פאַרוואָס ער טוט עס; צווייטענס, אפילו אויב אונזערע פּרעטענזיעס וואָלטען געווען גערעכטע וואָלט מען אונז ניט אויפגעהערט עסען צוליעב דעם. אריבער דער מאָס וועט מען אונז סיי ווי סיי ניט עסען, און וויפיעל עס פאָדערט זיך וועט מען אונז סיי ווי סיי עסען. די סטאַטיסטישע טאַבעלען, וואָס ווערען ארויסגעגעבען פון דעם אינערן־מיניסטעריום...

אָבער דאָ איז דער האָז געוועהנליך איינגעשלאָפען, ווייל סטאַטיסטיק האָט אויף איהם געווירקט ווי אַ באַרוישונגס־מיטעל. אָבער ווען ער האָט זיך אויסגעשלאָפען האָט ער ווידער גענומען ניכטער און פאַרנינפטיג נאָכדענקען.

— מען עסט אונז און מען עסט אונז און מיר, האָזען, מעהרען זיך פון יאָהר צו יאָהר. הייסט עס, אַז מיר, האָזען, זיינען

ניט קיין יאַלדען. אי זומער אי ווינטער, ווען נאָר מען גיט אַ קוק אויפ׳ן פעלד, זעהט מען ווי האָזען לויפען אין דער לענג און אין דער ברייט. מיר כאַפּען זיך אריין אין האָבער אָדער אין קרויט, אָדער מיר זעצען זיך ארום אַ יונגען עפּעל־בוים, און דער פויער האָט פון אונז אויך קיין סך נחת ניט. יאַ, אונז, האָזען, דארף מען אויך האַלטען אין איין היטען. ניט אומזיסט ווייזען די סטאַטיסטישע טאַבעלען פון דעם אינערען־מיניסטעריום...

אַ נייער דרעמעל, אַ נייע ערוואַכונג און נייע ניכטערע גע־דאנקען. אָהן אַ שיער וויקעלט דער האָז דעם שנור פון זיין גע־זונטען שכל. ער חקירה׳ט אזוי, און באטראכט עס פון דער אנ־דער זייט, און טראכט זיך אריין נאָך אַ מאָל, און אַלעס קומט ביי איהם ארויס גוט.

און וואס איז ווערט נאָך מעהר — ער האָט דערביי קיין קאָריערע אין זינען ניט געהאַט, און ניט געהאַט בדעה פאַר דער נאַטשאַלסטווא אַ בליאַסק צו טאָן מיט דער אָריגינאַליטעט פון זיינע געדאנקען (ער האָט געוואוסט, אז די נאַטשאַלסטוואַ וועט איהם אויפפרעסען איידער ער וועט ארויסריידען אַ וואָרט), נאָר ער האָט פּשוט ליעב געהאַט פאַר זיך אַליין נאָכצודענקען וועגען אַלצ־דינג אויף אַ סאָלידען, האָזישען שטייגער.

זיצט ער זיך איינמאָל אזוי אונטער אַ קוסט און עס פאַר־ווילט זיך איהם זיך אַ באריהם צו טאָן פאַר זיין האָזיכע מיט זיינע ניכטערע, געזונטע געדאנקען. ער האָט זיך אַ שטעל געטאָן אויף די הינטערשטע פיסלעך, פאַרוואָרפען די אויערען אויף דעם נאַקען און האָט גענומען מאכען קונצען מיט די פאָדערשטע פיס־לעך און מיט דעם צונג קנאַקען קלוגע ווערטער.

— ניין, — זאָגט ער, — מיר האָזען קענען פיהרען אַ גאַנץ שעהן לעבען. מיר פראַוועץ חתונות, מיר זינגען און טאַנצען, מיר טרינקען ביער אין טאַבעלנע טעג. מיר צושטעלען וועכטער אויף אַ ווערסט צעהן און זינגען אויף וואָס די וועלט שטעהט. קומט צו לויפען דער וואָלף און פרעגט: „ווער זינגט עס?“ נו, נאַטירליך, וואו ווער עס קען זיך באהאַלטען. האָט זיך דיר איינ־גענעבען צו אנטלויפען, קאָנסטו קאָכען ביער ערגעץ אנדערש; האָט זיך דיר ניט איינגעגעבען, וועט דיך דער וואָלף אויפעסען

איינס און צוויי. און מען קען זיך גאָרנישט ניט העלפען. בין איך גערעכט, האָזיכע?

— אויב דו באַלאַבאָטשעסט ניט, ביזטו גערעכט, — האָט די האָזיכע געענטפערט. דאָס איז געווען איהר צעהנטער מאַן, און אַלע ניין זיינען פאַר איהר אין די אויגען אומגעבראַכט געוואָרען אומזיסט און אומגישט.

— אַ נידערטרעכטיג פאָלק אָט די וועלף, דאָס איז אמת. שטענדיג האָבען זיי מאָרד אין זינען. וויפיעל מאָל האָב איך עפענטליך געזאָגט און אין די צייטונגען געשריבען: הערען וועלף! אַנשטאָט דעם האָז מיט אמאָל צו פאַרצעהרען, וואָלט דען ניט געווען בעסער, אַז איהר זאָלט פון איהם בלויז די פעל אָפּשינדען? אין אַ קורץ שטיקעל צייט וואָלט ער געקענט צושטעלען אַן אנדער פעל. אמת, דער האָז איז אַ פרוכטבאַרע חיה, אָבער אַז איהר וועט היינט אויסשעכטען אַ גאַנצע טשערעדע האָזען און מאָרגען נאָך אַ טשערעדע, וועט גאָר אין גיכען אַ האָז ווערט זיין אַ האַל־בען רובעל אנשטאָט 20 קאָפּיקעס. אָבער ווען עס וואָלט צוגעגאַנ־גען אויף אזא מין שטייגער: „זייט אזוי גוט, הערען האָזען, אויף היינטיגער וואָלפישער סעודה צושטעלען אזוי פיעל און אזוי פיעל שטיק. — מיט פאַרגעניגען, הערען וועלף! העי, סטאַראָסטע, ברענגט צופיהרען די וואָס שטעהען אויפ'ן „אָטשערעד"! און אַלעס וואָלט ביי אונז צוגעגאַנגען געזעצליך, ווי געהעריג. און מיר פון איין זייט, און איהר פון דער אַנדערער זייט... אַה, הערען מיינע!

דער האָז האָט גערעדט און גערעדט און האָט שיער ניט פאַר־געסען וואו ער איז אויף דער וועלט. אָבער פלוצים האָט ער דער־הערט עפּעס אַ גערויש אין גראָז. ער גיט אַ קוק — זיין האָזיכע איז שוין לאַנג אַנטלאָפען, און דער פוקס דער מסור קריכט אויפ'ן בויך, אזוי ווי ער וואָלט וועלען שטיפען מיט'ן האָז.

— אָט ס'אַרא קלוגער דו ביזט, — האָט דער פוקס דער ערשטער אָנגעהויבען דעם געשפּרעך. — דו רעדסט אזוי זיס, אַז איך וואָלט דיך מיין גאַנצען לעבען געהערט און קיינמאָל ניט מיעד געוואָרען.

אַ קלוגער האָז געווען, אָבער פון אָנפאַנג איז אפילו ער גע־בליבען אַ פאַר'חלש'טער. שטעהט אויף די הינטערשטע פיס־

לעך ווי אַ באַטויבטער און וואַרפט מיט די אויגען אין אַלע זייטען, צו קען ער ניט מאַכען אַ פּליטה, און טראַכט, אַז איצט איז געקומען די צייט, ווען ער דאַרף ווירקליך באַטראַכטען זיין לאַגע פון אַ ניכטערען שטאַנדפּונקט...

— הונגעריג, פעטערעל, — האָט ער אַ פרעג געטאָן, אַזוי רוהיג ווי מעגליך.

— גייה שוין, גייה. וואָס רעדסטו, וואָס? זאָט איבער'ן האַלז. אפשר שפּעטער, אָבער איצט — גאָט זאָל אָפּהיטען! וואָס מאַכסטו, האָזעלע, אַ געזונד אין דיר!

דער פוקס האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ הינטישען שטייגער, און האָט געבעטען דעם האָז אויך זיך אַוועקזעצען. יענער האָט די פּיסלעך אונטער זיך אַריינגענומען, האָט זיך אַזוי אַוועקגעזעצט אויף אַלע פיער און טראַכט צו זיך אַליין: „ווי איך האָב ערוואַרטעט, אַזוי איז עס טאַקע אויסגעקומען: יעדער חיה איז באַשערט איהר אייגען לעבען. אַ לייב — אַ לייבען־לעבען, אַ פוקס — אַ פוקסישען, און אַ האָז — אַ האָזישען. נו, האָזיש לעבען, ווי ווערסטו זיך איצט אויסדרעהען?

און דער פוקס, אַזוי ווי ער וואָלט געלייענט זיינע באַהאַלטענע געדאַנקען, זיצט זיך און לויבט דעם האָז.

— און וואו האָסטו זיך אַזוי פיעל חכמה אָנגענומען?

— איך בין ניט לאַנג געקומען אַהער פון ווייטע מקומות און פרעמדע מדינות. געלעבט האָט זיך מיר דאָרט אַפילו זעהר גוט. געהאַט אַ ווייב און קינדער, און אַ בעל הבתישקייט. אַ גאַנצען ווינטער האָבען מיר געוואוינט ביי אַ פּריץ אויף דעם הינטערשטען הויף, און עס איז אונז געווען גוט ווי די וועלט. ביי טאָג פלעגען מיר שלאָפען און ביי נאַכט פלעגען מיר עסען פון אַל דאָס גוטעס. דער פריהלינג איז געקומען, עס איז שוין צייט געווען אַוועק אין וואַלד אַריין אויף אַ דאַטשע, אָבער פּלוצים איז צו אונז אַ וואָלף געקומען. „וואָס איז דאָס?" — פרעגט ער, „מיט וואָס פאַר אַ רעכט, אויף וואָס פאַר אַ פּאַס, מיט וועמעס ערלויבניש?" איך אַליין, איך מוז זיך מודה זיין, האָב געמאַכט אַ פּליטה, און די האָזיכע מיינע מיט די קינדערלעך...

— יאַ, כ'האָב געהערט וועגען דעם. דער וואָלף איז מיינער

א שטיקעל קרוב, האָט ער עס מיר אַלעס דערצעהלט. „אנומעל־טען, זאָגט ער, האָב איך אַ גאנצען האָזען־נעסט צושטערט. דער האָז אַליין איז אַנטלאָפען, און כ'וואָלט אַ בעלן זיין איהם אויפ־זוכען. קענסטו מיר אפשר געבען אַן עצה ווי אַזוי?" היינט דאָס ביזטו גאָר! אַ רחמנות געווען אויף דער ווייב, אודאי".

— כ'געדענק שוין ניט. כ'האָב געזעהן, אַז מען מוז לויפען, בין איך אַנטלאָפען. געקומען אַהער זעה איך ס'זיצט אַ האָזיכע אַן אַלמנה. זאָג איך צו איהר: „לאָמיר געהן לעבען צוזאַמען!" און מיר זיינען אַוועק לעבען צוזאַמען. געלעבט מיט איהר — וואָס זאָל איך ליגען זאָגען? — מיט לייטען צוגלייך, און איצט איז זי אַנטלאָפען און איך בין איבערגעבליבען.

— אוי ביזטו אַ באָבע! צו וואָס זאָרגען? וואַרט, מיר וועלען זי אויפזוכען.

דער פוקס האָט אַ געניץ געטאָן, האָט לייכט אַ ביס געטאָן דעם האָז פאַר'ן זייט (דער האָז האָט זיך אָבער געמאַכט ניט וויסענדיג), האָט זיך אַוועקגעלעגט אויף אַ זייט און צוגעמאַכט די אויגען.

— אָה, ווי די זון בראָט עס, אַזוי ווי מען וואָלט זי געדונגען! איך וועל אָט אַ דרעמעל טאָן, און דו, פעטערעל, זעץ זיך אַנידער נעהנטער און דערצעהל עפּעס.

אַזוי האָבען זיי טאַקע געטאָן. דער פוקס האָט איינגעדרעמעלט און דער האָז האָט זיך אַוועקגעזעצט אַזוי, אַז דער פוקס זאָל איהם צו יעדער צייט קענען מיט דער מאָרדע דערגרייכען.

— איך, פעטער'צל, בין ניט קלייבעריש, — האָט ער אָנגעהויבען. — איך בין איינשטימיג צו לעבען ווי ס'ניט איז. נאָך קיין דריי יאָהר ניט, אַז איך לעב אויף דער וועלט, און איך בין שוין איבערגעווען אַ האַלב רוסלאַנד. קום איך ערגעץ איז אָדער דאָרט איז אַ וואָלף, אָדער אַ סאָווע, אָדער יעגער מאַכען אַן אָבלאַווע. לויף איך פון דאָרטען אויף גע'הרג'עט צו ווערען און זוך אַן אַנדער פּלאַץ, ערגעץ אין אַל די שוואַרץ יאָהר. אָבער איך באַקלאָג זיך ניט אויף מיין לעבען, ווייל איך פאַרשטעה, אַז אַזוי איז דעם האָז באַשערט; און אויב איך פאַרשטעה ניט אַ מאָל, לויף איך אויך, אפילו ניט פאַרשטעהענדיג. פּונקט ווי די פּויערים

אין אונזערע געגענדען. נאָר וואָס ער לעגט זיך שלאָפען — אַ קלאַפּ אין פענסטער ! „קום, פעטער מיכעי, און שפּאַן איין דעם פערד !״ אין דרויסען איז אַ זאַווערוכע, אַ קעלט, דאָס פערדעל זיינס — קוים וואָס עס לעבט, און ער זעצט אַרויף אַ מענגע סאָלדאַטען אויפ׳ן שליטען און פיהרט זיי אַ ווערסט צוואַנציג, און געהט נעבען שליטען צופוס. אין אַ מעת לעת אַרום איז ער צוריק אין דער היים. געבראַכט די קינדער צוקערלעקעכלעך, דער ווייב אַ פאַטשיילע און אַלעמען אין אַלגעמיין — טרעהרען. פרעג איהם וואָס דאָס באַדייט אַזוינס, וועט ער דיר זאָגען — דאָס באַדייט אַ פויער׳ס לעבען. אַזוי איז אויך מיט אונז האָזען. וואָס פאַר אַ לעבען דאָס זאָל ניט זיין, לעבען מיר דאָך, און טוען זיך קיין מיתה ניט אָן. מיר זיינען תמיד גרייט.... ניט אַזוי, פעטערעל ?

אָנשטאָט אָן ענטפער האָט דער פוקס אַ ביל געטאָן, אַזוי ווי פון שלאָף. דער האָז האָט אַ וואָרף געטאָן אַ זייטיגען בליק אויף דעם פוקס, צו יענער שלאָפט ניט. ער האָט מסתמא געהאַט בדעה צו אַנטלויפען, אויב מעגליך. איך קען ניט זאָגען אויף זיכער, אָבער עס איז גאַנץ מעגליך, אַז אַזאַ פּאָליטיק געהט ניט אַריין אין דער פּראָגראַם פון האָזען־לעבען. אָבער נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דער פוקס האָט ניט נאָר די אויגען צוגעמאַכט, נאָר האָט זיך אַפילו אַוועקגעלעגט אויפ׳ן רוקען און האָט אַפילו, דער לומפּ, די פּיס צושפּרייט, האָט אָבער דער האָז בחוש געזעהן, אַז דאָס מאַכט ער בלויז פוילע שטיק.

— כ׳וועל דיר דערצעהלען, — זאָגט דער האָז, — ווי מיינער אַ פעטער האָט ביי אַ סאָלדאַט געדיענט. דער סאָלדאַט האָט איהם געכאַפּט און צו ביסלעך איהם אויסגעלערענט אינגאַנצען די סאָלדאַטסקע חכמה. שיסען פון ביקס, מאַרשירען, קלאַפּען „באַגינען״ אויפ׳ן פּויק — מיין פעטער האָט דאָס אַלעס געקענט אויסגעצייכענט גוט. פלעגען ביידע פאָהרען אויף ירידים געבען פאָרשטעלונגען און מען פלעגט זיי געבען — וועך אַ שטיקעל ברויט, ווער אַן איי, ווער אַ קאָפּיקע. און דער סאָלדאַט האָט מיין פעטער דערצעהלט, וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט אין לעבען.

„כ׳האָב געלעבט, — זאָגט ער, — אין דער היים מיט מיינע עלטערען. האָט מיר איינמאָל דער טאַטע מיינער געשיקט פאַר־

ריכטען דעם שליטען אויף ווינטער. פאַרריכט איך מיר אַזוי דעם שליטען, זינג זיך אַ ליעדעלע און רויכער אַ ליולקע. מיט אַ מאָל — דער דעסאַטסקי איז דאָ! „קום, זאָגט ער, סעמיאָן, אין וואָלאָסט אַריין, מען וויל דיך פאַר אַ סאָלדאַט.“ אַזוי ווי איך בין גע־שטאַנען און געגאַנגען, אַזוי בין איך אַוועק מיט איהם. נאָך גוט, וואָס כ'האָב צייט געהאַט צו באַהאַלטען די ליולקע און די פלו־דערען. כ'בין אַוועק און צוואַנציג יאָהר אָפּגעדיענט.

„אין צוואַנציג יאָהר אַרום קום איך אין מיין דאָרף אַריין — קיין סימן פון אונזער בעל הבתיש'קייט ניט געבליבען“. אָט אַזוי איז דאָס, — האָט מיט קאָפּ דער האָז צוגעגעבען, — אַזוי דרעהט זיך דאָס איבער אַ פויער'ס לעבען. היינט איז ער אַ פויער מיט אַלעמען צוגלייך, און מאָרגען איז ער אַ סאָלדאַט, און אַלעס הייסט געלעבט. און מיט אונז, האָזען, איז אויך דאָסזעלבע.

— וואָס, אייך נעהמט מען אויך פאַר סאָלדאַטען? — האָט דער פוקס געפרעגט, ווי ערשט פון שלאָף זיך אויפגעכאַפּט.

— ניין, אונז עסט מען אויף, — האָט דער האָז געענט־פערט אַזוי פרעהליך ווי מעגליך.

— איך דענק דאָס אויך, וואָרום וואָס פאַר אַ סאָלדאַטען זיינט איהר, מישטיינס געזאָגט. נו, און דיין פעטער האָט מסתמא דער סאָלדאַט אויפגעגעסען?

ניין, דער סאָלדאַט איז געשטאָרבען, און מיין פעטער איז אַנטלאָפען. געקומען אהיים, קען ער שוין קיין האָזישע אַרבייט ניט טאָן — אָפּגעוואוינט. און די מומע וויל איהם אומזיסט קיין עסען ניט געבען. פאַלט איהם איינמאָל איין אַ געדאַנק: „לאָ־מיך, זאָגט ער, געהן אויף אַ יריד און מאַכען קאָמעדיעס“. אַוועק־געגאַנגען. אָבער ווי נאָר ער האָט זיך גענומען קלאַפּען אַ קאַוואַ־לעריען־לויף אויפ'ן פויק, זיינען איהם באַפּאַלען הינט און איהם צוריסען.

— אַ מצוה אויף איהם, זאָל ער ניט פאַרטומלען דעם עולם אַ מוח. אָבער דיין פעטער האָט דאָך מסתמא סיי ווי סיי גע־וואוסט, אַז פריהער אָדער שפּעטער וועט מען איהם אויפעסען. ניט דער הונט איז אַ וואָלף, און ניט דער וואָלף איז אַ פוקס. אַ סוף קריגט איהר דאָך אַלע דעם זעלבען. נו, און איידער וואָס,

זאָג מיר, ווי זיינען די פוקסען אין אייערע געגענ־ען? בייזע, אודאי?

— דעם אמת זאָגענדיג זיינען די פוקסען אין אונזערע גע־גענדען גאָר בייזע. איך האָב זיך מיט קיינעם פון זיי נאָהענט ניט געטראָפען, אָבער כ'האָב געזעהן איינמאָל ווי א יעגער האָט אויף מיינע אויגען א פוקס דערשאָסען, און, דעם אמת זאָגענדיג...

דער האָז האָט געוואָלט זאָגען „האָב איך זיך דערפרעהט", אָבער ער האָט זיך פארכאפט. דער פוקס האָט אָבער געטראָפען זיין געדאנק.

— אזא בלוט־זויגער ביזטו דאָס! — האָט איהם דער פוקס געזאָגט מיט א טאָן פון פאָרוואורף און האָט איהם אזא בים געטאָן אין זייט, אז בלוט האָט אָנגעהויבען רינען.

אוי! — האָט דער האָז א קוויטש געטאָן פון וועהטאָג, אָבער אין א מינוט ארום איז ער געקומען צו זיך און האָט בראוו אזוי א זאָג געטאָן:

— דאָס האָב איך געמיינט די דאָרטיגע פוקסען. דאָ, זאָגט מען, זיינען די פוקסען גוטע.

— וואָס רעדסטו?

— אויף מיין וואָרט. פאר א יאָהרען איז ביי אונז אין וואלד א האָז א יתום געוואָרען, נעבעך, האָט איהם א פוקסיכע, זאָגט מען, צוזאמען מיט איהרע קינדערלעך אויפגעהאָדעוועט.

— אויסגעהאָדעוועט און ארויסגעלאָזט? טו וואו־זשע איז ער דאָס איצט, דער יתומ'ל?

— ווער ווייסט איהם וואו ער איז איצט?... אומגעקומען, זאָגט מען. איז אוועק אין שלעכטע דרכים, האָט גענומען גנב'ענען און האָט, זאָגט מען, פארפיהרט א יונגע פוקסיכע. און דערפאר האָט דאָס איהם איהר אלטער פאָטער אויפגעגעסען.

— דאָס האָב איך איהם אויפגעגעסען, איך. אָבער ניט דער־פאר האָב איך איהם אויפגעגעסען, וואָס ער איז אוועק אין שלעכטע דרכים און האָט א יונגע פוקסיכע פארפיהרט, נאָר פשוט דערפאר, וואָס זיין צייט איז געקומען.

דער פוקס האָט זיך א מינוט פארטראכט און א קנאק געטאָן מיט די ציינער. דערנאָך איז ער אויפגעשטאנען פאמעלעך, האָט

זיך פאַנאַנדערגעטרייסעלט און גאַנץ גוטמוטיג אַ פרעג געטאָן דעם האָז:

— נו, און וועמען, דענקסטו, וועל איך איצט עסען?

אַ קלוגער האָז געווען, אָבער ער האָט ניט געטראָפען; אָדער בעסער געזאָגט, ביי איהם האָט אַ שלענגעל געטאָן אין קאָפּ: „אָט איז דאָס, דאָס האָזיש לעבען, ס'הויבט זיך שוין אָן", אָבער איהם האָט זיך שרעקליך ניט געוואָלט זיך מודה זיין אין דעם אפילו צו זיך אליין.

— איך ווייס ניט, — האָט ער געענטפערט. אָבער אין זיין פּנים און אין זיין קול איז געווען קענטיג, אַז ער ליידט, און דער פוקס איז אויף אַן אמת'ען אין כעס געוואָרען.

— ס'אַרא ליגנער דו ביזט! — האָט ער געזאָגט. — מען האָט מיר וועגען דיר גאָט ווייסט וואָס אָנגעדערצעהלט: — אַז דו ביזט אַ פילאָזאָף, אַ חכם, אַז דו ווייסט וואָס ביי יעדען אויפ'ן הארצען טוט זיך, און איצט זעה איך, אַז דו ביזט אַ גאַנץ געוועהנ־ליכער, פאַרדאַרבענער האָזעל. דיך וועל איך עסען, דיך, מיין הער, דיך!

דער פוקס האָט אַ שפּרונג געטאָן צוריק און האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַזוי ווי ער וועט זיך באַלד אַ וואַרף טאָן אויף דעם האָז און איהם אויפעסען. אָבער באַלד האָט ער זיך צוריק אוועק־געזעצט, און, ווי עס וואָלט גאַרניט געווען, האָט ער גענומען קראַ־צען זיך הינטער'ן אויער.

— און אפשר וועסטו זיך דערבאַרעמען אויף מיר? — האָט דער האָז פאַרגעשלאָגען שטיל און שרעקעדיג.

— ערגער און ערגער! — איז דער פוקס נאָך מעהר אין כעס געוואָרען. — וואו האָסטו דאָס געהערט, אַז פוקסען זאָלען זיך דערבאַרעמען איבער האָזען? צוליעב דעם לעבען מיר דען אונטער איין הימעל, יאָלד דו איינער, אַז מיר זאָלען זיך שפּיעלען אין רחמנות?... אַ?

— יאָ, פעטערעל, אָבער אַזוינע זאכען האָבען דאָך פּאַ־סירט, — האָט דער האָז זיך געהאַלטען ביי זיינעם. אָבער באַלד האָט ער אָנגעוואָרען אין גאַנצען זיין מוט און איהם האָט ארומ־געכאַפּט אַ געפיהל פון אנגסט.

ער האָט זיך דערמאָנט ווי ער איז געלאָפען פון איין עק לאַנד צום צווייטען, ווי ער איז גאַנצענע טעג און נעכט געלעגען אין אויסגעהוילטע בוימער אָהן עסען, אָהן טרינקען, און האָט געציטערט; ווי ער איז איינמאָל, אַנטלויפענדיג פון אַ בייזער חיה, אריין צו אַ פויער אין קעלער אריין, און דער פויער האָט איהם אָפּגעלאָזט, ווייל עס איז דאַן געווען פאסטען צייט. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער האָט מיט זיינע ווייבלעך־האָזיכעס קינדערלעך געניאַנטשעט, און אַז מיט קיינער פון זיי האָט ער זיך אפילו ניט געקענט זאַט אָנקוויקען. און אַזוי טראַכטענדיג וועגען זיין פארגאַנגענהייט האָט ער שטילערהייד צו זיך גהאַלטען אין איין זאָגען:

— אה, נאָך אַ ביסעלע לעבען! כאָטש נאָך אַ קאָפּעטשקע אַ לעב טאָן!

און דער פוקס האָט דערוייל פאַר׳ן האָז צוגעגרייט אַ ווירקליך אנגענעהמען סורפּריז.

— הער אויס, דו נישטיג האָזעל, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט טאַקע אויף דער אמת׳ען אַ פילאָזאָף, און גיב אַ קוק ווי בלויז דער געדאַנק פון טויט דרעהט דיך איין אין דרייען. האָב איך פאַר דיר אָט וואָס פאַר אַ לגאָטע אויסגעטראַכט: איך וועל אַוועקגעהן פינף סאזשען פאַראויס, וועל זיך אַנידערזעצען צו דיר מיט׳ן הינטען און וועל אויף דיר, דעם פּאסקודניאַק, גאַנצע פינף מינוט ניט קוקען. און דו פּרואוו דערווייל פארביילויפען געבען מיר אַזוי, אַז איך זאָל דיך ניט קענען כאַפּען. וועט זיך דיר איינגעבען צו אַנטלויפען — איז דיין גליק; און אַז ניט — גרייט איך דיר באַלד צו דיין רעזאָלוציע.

— אַ, פעטערל, ווי קום איך!

— נאַר איינער! אפילו אַז דו וועסט ניט אַנטלויפען, וועסטו כאָטש די צייט פארוויילען. וועסט זיך פארנעהמען מיט עפּעס, וועסט קלעהרען וועגען עפּעס, — און דיין אנגסט וועט ניט זיין אַזוי גרויס.

דער האָז האָט געטראַכט, געטראַכט און האָט געמוזט צוגעבען, אַז דער פוקס האָט גוט צוגעטראַכט. עס איז דאָך גרינגער אויפצוגעסען צו ווערען טוענדיג עפּעס אַן ארבייט, איידער אין אַן

אַנגסטליך־ליידיגער ערוואַרטונג. אַ בעל הבתישער האָז שטאַרבט נאָר מיט אַזאַ טויט — אין פולען גאַנג. לויפט אויף וואָס די וועלט שטעהט, און אַזוי לויפענדיג קריגט ער זיין מפלה.

— הויבסט ניט אָן צו פאַרשטעהן, וואָס מיט דיר טוט זיך, און פלוצים צורייסט מען דיך אויף צווייען, — קלעהרט זיך דער האָז און זעצט צו מאַשינאַל: — און אפשר! ...

— נו, אַזעלכע פאַנטאַזיעס שלאָג זיך בעסער ארויס פון קאָפּ! — האָט איהם דער פוקס געוואָרענט, ווייל ער האָט פאַר־שטאַנען וואָס פאַר אַ האָפנונג עס האָט אַ בליאַסק געטאָן ביים האָז אין מוח. — אָהן פאַנטאַזיעס וועט דיר בעסער זיין... איינס, צוויי, דריי! הויב אָן.

דאָס זאָגענדיג איז דער פוקס אָפּגעגאַנגען פיער סאַזשען פאָראויס און האָט דעם האָז אַוועקגעזעצט מיט'ן הינטען צו די געדיכטע קוסטעס, אַזוי אַז ער זאָל ניט קענען אַנטלויפען צוריק צו, נאָר ער זאָל מוזען איהם פאַרביילויפען.

דער פוקס האָט זיך אַוועקגעזעצט און זיך גענומען פאַר זיינס, אַזוי ווי ער וואָלט דעם האָז גאָרניט געזעהן. אָבער דער האָז האָט אויף אַ האָר ניט געצווייפעלט, אַז אפילו ווען ער זאָל אַוועק־געהן נאָך פיער סאַזשען, וועט קיין איינציגער ריהר זיינער ניט בלייבען אומבאַמערקט. עטליכע מאָל איז ער אויפגעשפּרונגען אויף די פיס און האָט פאַרוואָרפען די אויערען אויפ'ן רוקען; עטליכע מאָל האָט ער זיך צונויפגעקאָרטשעט אין אַ קנויל מיט דעם אַבזיכט צו מאַכען עפּעס אַ וואונדערליכען שפרונג, וועלכער זאָל איהם מיט אַ מאָל ברענגען אויסער געפאַהר און פאַרפאָלגונג; אָבער ער איז געווען זיכער, אַז דער פוקס זעהט איהם אפילו ניט זעהענדיג, און דאָס האָט איהם ווי פאַרגליווערט. דאָך איז דער פוקס געווען געזעגענט אויף זיין שטייגער: דער האָז האָט ווירקליך געפונען אַ פּאַסיגע באַשעפטיגונג, וועלכע האָט באַדייטענד פאַר־מינדערט זיין אַנגסט.

ענדליך זיינען די באַשטימטע פינף מינוט פאַרביי געגאַנגען, און דער האָז איז נאָך אַלץ געזעסען באַוועגלאָז, פאַרטיעפט אין רעיונות איבער דעם האָזישען לעבען.

— נו, האָז, איצט לאָמיר זיך שפּיעלען ! — האָט דער פוקס פאַרגעשלאָגען.

זיי האָבען אָנגעהויבען שטיפען. א פופצעהן מינוט צייט אי׳ז דער פוקס געשפּרונגען ארום האָז. אָט גיט ער איהם א ביס און קלייבט זיך שוין איינגאַנצען איהם איבעררייסען דעם גאָרגעל, אָט שפּרינגט ער אָפּ אָן א זייט און פאַרטראַכט זיך : זאָל ער איהם אפשר מוחל זיין ? אָבער אפילו דאָס איז פאַר דעם האָז געווען א מין באַשעפטיגונג, וואָרים אפילו אויב ער האָט זיך ניט פאַר־טיידיגט, האָט ער דאָך געוואָרפען מיט די לאַפּקעס און געקווי־טשעט.

אָבער אין א פערטעל שעה ארום איז אַלצדינג געווען פאַר־איבער. פון דעם האָז זיינען געבליבען בלויז שטיקלעך פעל און די ניכטערע, פאַרגינפּטיגע ווערטער : „יעדער חיה איז אָנגעציי־כענט איהר לעבען : דער וואָלף לעבט א וואָלפיש לעבען, דער לייב א לייבען־לעבען און דער האָז — א האָזישען“.

# דער נאַר.

דאָס איז געווען אַמאָל, אמאָל, אין די גאַר אַלטע צייטען.

ביי קלוגע עלטערען איז געבוירען געוואָרען א זוהן א נאַר. נאָך אז ער איז געווען אַ קינד אין ווינדעלעך האָבען זיך די על־טערען גע'חידוש'ט: אין וועמען איז דאָס איוואַנושקע געראָטען? די מאַמע האָט געזאָגט אז אין טאַטען, דער טאַטע — אז אין דער מאַמען, און ענדליך האָבען זיי ביידע איינגעשטימט און באַשלאָסען, אז געראָטען איז ער אין זיי ביידען.

ניט דאָס, אייגענטליך, האָט די עלטערען געאַרט, וואָס זייער זוהן איז אַ נאַר. אַ נאַר, אויב ער איז ווי עס באַדאַרף צו זיין, דאַרף מען גאָר בעסער ניט. זיי האָט געקימערט דאָס, וואָס ער איז געווען גאָר אַ באַזונדער מין נאַר, אַ נאַר, פאַר וועמען מען וועט דאַרפען, ניט היינט, — מאָרגען, אָפּגעבען דין וחשבון דער נאַטשאַלסטווע. וועט אָנמאַכען אַ צרה, און דו גיה פאַרענטפער זיך.

פאַראַן נאַראָנים פּראָסטע, אָבער ניט איוואַנושקע. ער איז אַ זאָנדערבאַרער. אָט, אַ שטייגער, מיליטריסע קירילִיעווּנאַ — אַ שכנה — האָט אַ זוהנדעל ליאָווּקע, אויך אַ נאַר. לויפט ער אַרוים אַ באָרוועסער אין דרויסען, לאָזט אַרונטער דאָס העמדעל, שפּרינגט אויף איין פוס און שרייט מיט אַלע כחות: „טאָנגען־פאָנגען, מ'האָט ליאָווּקע'ן געשלאָגען, געשלאָגען, געשלאָגען, בום בום!" כאַפּט מען איהם באַלד און מען זעצט איהם אַריין אין אַ קאַלטען צימער; זיץ זיך דאָרט! אפילו דעם גובערנאַטאָר וועָן ער איז געקומען אויף אַ רעוויזיע, האָט מען ליאָווּקע'ן געוויזען, און דער גובערנאַטאָר האָט איהם געלויבט. „היט איהם", זאָגט ער, „מיר נויטיגען זיך שטאַרק אין נאַראָנים".

אָבער אָט דער נאַר איז אַן אויסערגעוועהנליכער. זיצט

אין דער היים, לייענט א ביכעל, אדער לאשטשעט זיך צו טאטע־מאמע, — און פלוצים, פון דער העלער הויט, צינדט זיך ביי איהם אן דאס הארץ. לויפט — אזש די ערד ציטערט. דארף מען צו עפעס אן עסק צוגעהן מיט פארזיכט, ארום און ארום, נעהמט ער גראדע און קריכט גלייך, אהן הקדמות. דארף מען זיך מיט אווארט היטען, פארגעסען — איז ביי איהם וואס אויפ'ן לונג דאס אויפ'ן צונג. א חרפה, א שאנדע און א סקאנדאל. שריי אויף איהם, הרג'ע איהם — ניט ער הערט ניט ער פיהלט. טוט וואס איהם ווילט זיך און קומט ווידער צולויפען צו טאטע־מאמע אונטער'ן פליגעלע.

— וואס טוט זיך מיט דיר, גדולה מיינע? זעץ זיך אנידער, טייערינקער, רוה זיך אפ!

— איך בין ניט מיעד, מאמעלע.

— וואוהין לויפסטו דאס, טייבעלע? וואס לויפסטו אוועק און זאגסט קיינעם ניט?

— דאס בין איך, מאמעלע, צו ליאווקע'ן אוועקגעלאפען. ער איז קראנק, ליאווקע, און זאגט, אז ער וויל האבען א בייגעל, בין איך אוועק אין מארק, גענומען פון מולטער א בייגעל און איהם אוועקגעטראגען.

דערהערט דאס די מאמעלע — נעהמט איהר אפ דער אטעם.

— אוי, א צרה איז מיר, אוי א מכה איז מיר! נעקוילעט האסטו מיך, דעם קאפ האסטו מיר אראפגענומען; וואס האסטו געטאן? האסט, הייסט עס, דעם בייגעל אוועקגע'גנב'עט!

— וואס הייסט „אוועקגע'גנב'עט"? וואס איז דאס אזוינס „אוועקגע'גנב'עט"?

ניט איין מאל האבען די שכנים דעם נאר'ס עלטערען גע־ווארענט:

— שטילט איין דעם נאר אייערען! מיט זיין נארישקייט וועט ער אייך פיעל עגמת נפש פארשאפען!

די עלטערען האבען אבער גארנישט געקענט טאן. גרינג צו זאגען: „שטילט איין". אבער ווי אזוי טוט מען דאס? און ווי פארשטעהען זיי ניט, די לייט, אז די עלטערען'ס הערצער ווערען צוריסען פאר דעם נארישען זוהן נאך מעהר ווי פאר דעם קלוגען!

און, ווירקליך, נעהמט דער טאַטע מיט דעם נאַר איינ־טענה'ן, אַז אַ בייגעל איז פּריוואַט־אייגענטום. פאַרשטעהט ער שוין, דאַכט זיך: „יאַ, טאַטעלע!" פּלוצים, ווי פון דער ערד אַרויסגעוואַקסען, באַווייזט זיך ליאַוואָקע און נעהמט שרייען: „וואַ־ניאַ, גיב מיר אַ בייגעל!" ער — אַ שפּרונג, אַוועק צום בעקער און צוגעשלעפּט אַ בייגעל. נעה פאַרשטעה, צי האָט ער גע־גנב'עט, צי ניין!

דער בעקער האָט געליטען, געליטען און איז ענדליך ברוגז געוואָרען: געמאַכט אַ קלאַגע אין אוטשאַסטאָק. איז געקומען דער קוואַרטאַלנער צו דעם נאַר'ס עלטערען און געזאָגט: „ווי איהר ווילט, אָבער איהר מוזט אייער נאַר אָפּשמייסען".

ס'האָט געוויינט דעם פאָטער'ס האַרץ, אָבער וואָס זאָל מען טאָן? ער זעהט, אַז דער קוואַרטאַלנער איז פאָרט גערעכט: מען דאַרף דעם נאַר אָפּשמייסען, אָבער דער נאַר האָט גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען. ס'האָט איהם וועה געטאָן, האָט ער געוויינט, אָבער ער האָט זיך ניט באַקלאָגט, ניט געפרעגט, „פאַרוואָס?", און ניט געשריען: „כ'על שוין מעהר נישט!". איהם איז גיכער דער גאַנצער עסק פאָרגעקומען מאָדנע: צו וואָס טויג דאָס דעם טאַטעלע?

און אַזוי איז טאַקי די לעקציע ווי אין ניוועץ אַריין. געוועזען איוואַנושקע אַ נאַר איידער מען האָט איהם אָפּגעשמיסען, און פאַרבליבען אַ נאַר נאָכ'ן שמייסען. זעהט דורכ'ן פענסטער, אַז ליאַוואָקע שפּרינגט אַרום אין גאַס, לויפט ער אויך אַרויס, ציהט אַרונטער די שטיוועל, טוט אויס די אַרבעל און נעהמט זיך מיט'ן אַנדערען נאַר פּראַווען שטיק.

— ס'אַרא אַרבייט ער האָט זיך אָפּגעזוכט, — ווערט די מאַמע אין כעס, — קרימט זיך נאָך דעם נאַר!

— ניין, מאַמעלע, איך קרים זיך איהם ניט נאָך, איך שפּיעל זיך מיט איהם, ווייל אַליין איז איהם אומעטיג.

— שפּרינג, שפּרינג, וועסט אַזוי לאַנג שפּרינגען, ביז דו וועסט אַליין ווערען אַ נאַר.

דערהערט אָט דעם געשפּרעך, איז דער טאַטע אין כעס געוואָרען.

— קאַטעווען דאַרף מען איהם, און זי רעדט מיט איהם! רעד צו איהם, רעד, וועסטו זיך דערדערען! וואָלסט איהם מעהר אונ־טער׳ן העמדעל אריינגעקוקט, וואָלט ער שוין לאַנג אַ מענש געווען.

און אַלע שכנים גיבען דעם טאַטען גערעכט: ערשטענס, ווייל עס איז דאָ אַ כּלל אזא, אַז נאַראָנים דאַרף מען לערנען, און צווייטענס, מאַכט איוואַנושקע דער נאַר אַלעמען דעם לעבען מיאוס.

אַנומעלטען האָט זיך די שכנ׳ישע אינגלעך פאַרוואָלט רייצען מיט אַ באָק. האָט ער זיך פאַר׳ן באָק אָנגענומען האָט זיך אָוועקגע־שטעלט אין מיטען און לאָזט זיי ניט זיך טשעפּען מיט׳ן באָק. דער באָק שטורכעט איהם פון הינטען מיט די הערנער, די אינגלעך פון פאָרענט לעגען אין איהם סטוסאַקעס אויף וואָס די וועלט שטעהט, און ער — עס זאָל איהם אָנהויבען אַרען! מ׳האָט איהם געבראַכט אַהיים אין גאַנצען אַ בלויען, אַ צושלאָגענעם.

און אויף מאָרגען — ווידער אַ צרה מיט׳ן נאַר. האָט ביים קובער אַ האָהן פון די הענד אַרויסגעריסען. טראָגט דער קובער דעם האָהן אונטער די הענד אין קיך אַריין און דער נאַר קומט איהם אַנטקעגען: „וואוהין, קוזמאַ, טראָגסטו דאָס דעם האָנע־לע?" „וואָס הייסט וואוהין? נו, אודאי, אין קיך און אין זופּ אַריין". נו, האָט זיך דאָס דער נאַר אויף איהם אַ וואָרף גע־טאָן! איידער קוזמאַ איז געקומען צו זיך, איז שוין דער האָהן אַרויפגעפלויגען אויפ׳ן פּאַרקאַן און געפּאַטשט מיט די פליגעל.

דער טאַטע האָט איהם געפּרואווט אַריינקלאַפּען אין קאָפּ אַז דער האָהן איז ניט זיינער און אַז ער האָט קיין רעכט ניט געהאַט איהם ביים קובער אַוועקצונעהמען. הערט ער דאָס גאַנץ גוט אויס און זאָגט: „איך ווייס, אַז דער האָהן איז ניט מיינער, אָבער ער איז דאָך דעם קובער׳ס אויך ניט, ער איז זיינער אַליין!"

ווי דאָס הויזגעזינד האָט ניט ליעב געהאַט דעם נאַר פאַר זיין צערטליכקייט און שטילקייט, אָבער סוף כּל סוף האָט ער מיט זיין אויפפיהרען זיך אַלעמען דערנומען. ווייל ער עסען, וועט ער ניט צוגעהן צו דער מאַמע און בעטען: „ערלויב מיר, מאַמעלע, צו נעהמען אַ קנישיקעל אין בופעט!" — נאָר ער וועט אַליין

אריין אין קיך אריין און וואָס ער וועט געפינען וועט ער, אָהן שאלות, אויפעסען. פארווילט זיך איהם שפּאַצירען, נעהמט ער די היטעל און געהט זיך אוועק און פרעגט ביי קיינעם ניט, צי מעג ער געהן צי ניט.

איינמאָל איז א בעטלער צוגעקומען צום פענסטער, און ביי דער מאַמען אויפ'ן טיש איז גראָדע געלעגען א דריי־רובעל־דיג פּאַפּירעל. נעהמט ער און גיט דעם בעטלער אוועק די גאַנצע דריי רובעל.

דער מאַמען איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען. — טאַ־טעלעך, מיינע! פון איהם וועט דאָך א קאַרטוש ווערען!

— אודאי וועט פון איהם ווערען, — האָט זיך דער טאַטע אָנגערופען. — אַלעס וועט פון איהם ווערען, אויב דו וועסט מיט איהם געשפּרעכען פיהרען אָנשטאָט איהם אָפּצושמייסען!

מילא וואָס זאָל מען טאָן? האָט די מאַמע גענומען און דעם נאַר אָפּגעשמיסען. אָבער אָפּגעשמיסען האָט זי איהם, דעם אמת זאָגענדיג, בלויז פאַר יוצא ווערען, איהם אָנצולערנען. און ער שטעהט נעבעך א פאַרוויינטער און נעהמט ארום די מאַמע:

— אָה, מאַמעלע, מאַמעלע! אָרימע מאַמעלע מיינע!

און די מאַמע האָט זיך פּלוצים אזוי פאַרשעהמט, אזוי פאַר־שעהמט, אַז זי האָט זיך אַליין צואוויינט.

— נאַרעלע מיינער, האַרץ מיינס! הלואי וואָלט אונז גאָט ביידען צוזאַמען צו זיך צוגענומען!

ענדליך האָט ער אָבער אי זיך אי די מאַמע זיינע שיער ניט אומגעבראַכט. איינמאָל האָט די גאַנצע פאַמיליע שפּאַ־צירט אויף דער פאַראַדנער גאַס נעבען טייך. דער טאַטע מיט דער מאַמען זיינען געגאַנגען געאָרעמט, און דעם נאַר האָט מען אוועקגעשיקט פאָראויס, אויסצוגעפינען, הייסט עס, צי עס שטעקט ניט ערגעץ קיין געפאַהר אויפ'ן וועג. מיט אמאָל דערהערט ער עפּעס א געשריי. ער גיט א קוק — אימיצענס א איינגעלע טרינקט זיך אין טייך.

עס איז קיין רגע ניט פאַרביי, און דער נאַר איז געווען אין טייך, און די מאַמע זיינע נאָך איהם — אזוי ווי זי איז געווען אין איהר אייגנעשטייפטער קליידעל, אזוי איז זי אין וואַסער

אריין אריינגעשפרונגען. און נאָך דער מאַמען — צוויי פּאָלי־
ציסטען אין מונדירען... און דער טאַטע שטעהט אויפ׳ן ברעג,
מאַכט מיט די הענד, ווי א פויגעל מיט די פליגעל, און שרייט :
„מיינע ראַטעוועט ! ראַטעוועט מיינע !" ענדליך האָבען די פּאָ־
ליציסטען אַלעמען ארויסגעשלעפּט. די מאַמע איז אָפּגעקומען
מיט שרעק, אָבער דער נאַר איז א גאַנצען חודש אין א היץ
קראַנקהייט אָפּגעלעגען. ער האָט דעם מאָל פאַרשטאַנען, אז ער
האָט געהאַנדעלט ווי א נאַר, און ער האָט אויף דער מאַמען שטאַרק
רחמנות געהאַט. אָבער אז ער איז געקומען צו זיך און האָט
דערזעהן די מאַמע — א דאַרע, א בלייכע — זיצענדיג ביי איהם
צוקאָפּענס, האָט ער זיך צואוויינט מיט ביטערע טרעהרען. וויינט
און קלאָגט : „מאַמעלע, מאַמעלע, פאַרוואָס האָט אונז גאָט ביידען
צו זיך ניט גענומען ?"

און דער טאַטע איז געשטאַנען דערביי און האָט אַלץ גע־
האָפּט, אז כאָטש דעם מאָל וועט דער נאַר זאָגען : „פאַרצייהע
מיר, טאַטינקע, כ׳וועל דאָס שוין מעהר נישט טאָן !" אָבער דער
נאַר האָט דאָס ניט געזאָגט.

נאָך אָט דעם פאַל האָבען זיך דער טאַטע מיט דער מאַמען
ערנסט אַן עצה געהאַלטען, וואָס מיט דעם נאַר צו טאָן. זיי
האָבען געשפּרייזט הין און צוריק איבער׳ן זאַל, באַטראַכט די
לאַנגע פון אַלע זייטען און צו קיין שלום ניט געקאָנט קומען.

מען באַדאַרף וויסען, אז דער טאַטע איז געווען א מענש
מיט יושר. אי אין דער היים, אי ביי לייטען צו גאַסט, אי אויפ׳ן
גאַס האָט ער געהאַלטען אין איין טענה׳ן : „אומזיסט צו שריי־
בען געזעצען אויב מען היט זיי ניט אָפּ". און נעהמענדיג אין
אַנבאַטראַכט אַלעס, וואָס איז פאָרגעקומען, האָט ער געפאָדערט,
אז מען זאָל מיט איוואַנושקע׳ן זיך באַגעהן לויט דער פולער
שטרענגקייט פון די היימישע דינים.

— ער איז עובר געווען, מוז ער דעריבער באַקומען זיין
שטראָף. אָט גיב א קוק !

און ער האָט דער מאַמען געוויזען א טאַבעלע, וואו עס איז
געווען אויפגעשריבען :

פאַר באַגעהן די און די עולה — פון 5 ביז 7 שמיץ.

אָבער די מאַמע איז געווען אַ מאַמע און דאָס אַלעס. זי האָט צוגעגעבן, אַז יושר איז יושר, אָבער זי האָט דאָס פאַר־שטאַנען אין דעם פּרימיטיווען זין, ווי אַ פּויער פאַרשטעהט דאָס וואָרט, ווען ער רעדט וועגען אַ „יושר'דיגען" מענשען. ניט באַ־שטראָפען, נאָר מוחל זיין. און ווי זי איז געווען ניט ענטוויי־קעלט אין דעם יורידישען זין, — האָט זי דאָך אויף אַ מינוט דעם טאַטען צו שאַנד געמאַכט.

— פאַר וואָס זאָלען מיר דאָס איהם באַשטראָפען? — האָט זי אויסגעשריען, — דערפאַר, וואָס ער האָט געוואָלט ראַטעווען אַ קינד פון דערטרונקען צו ווערען?

אָבער דער טאַטע איז דאָך באַשטאַנען אויף זיינעם, אַז מען קען דעם נאַר אין דער היים ניט האַלטען, און אַז מען מוז איהם אריינגעבען אין אַן „אַנשטאַלט".

דאָס רעגעלמעסיג־רוהיג לעבען אין דעם אַנשטאַלט האָט פון אָנהויב געהאַט אַ גאַנץ גוטע ווירקונג אויפ'ן נאַר. קיין זאַך האָט אין איהם זיין עמפּפינדליכקייט ניט גערייצט און האָט אין איהם ניט געוועקט קיין פּלוצימדיגע אימפּולסען. [illegible] די ער־שטע פאַר יאָהר איז אפילו דאָרט קיין שטודיום ניט געווען — בלויז באַקאַנטשאַפט מיט דעם לעהר־מאַטעריאַל. ער האָט אויך ניט באַגעגענט קיין שאַרפען אונטערשיעד צווישען די חברים — אַן אונטערשיעד, וואָס זאָל אַרויסרופען אַ באַגעהר צו טרייסטען און העלפען. אַלעס איז געגאַנגען אויף אַ מיטעלמעסיגען גאַנג און דער שטודיום האָט זיך געווענדט מייסטענס אָן זכרון. און אַזוי ווי אַ זכרון האָט איוואַנושקע געהאַט אַן אויסגעצייכענטען, און דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ גאָלדען האַרץ, איז ער שיער שיער קיין גאַנצער חכם ניט געוואָרען.

— כ'האָב דיר געזאָגט! — האָט דער טאַטע טריאומפירט.

— נו, נו, זיי נישט אין כעס, — האָט די מאַמע געענטפערט, אַזוי ווי זי וואָלט זיך פיהלען שולדיג אין דעם, וואָס זי האָט אין איילעניש דעם טאַטען אָנגעטאָן אַ חרפּה.

אָבער וואָס ברייטער איוואַנושקע'ס שטודיום איז געוואָרען, אַלץ שווערער איז איהם די גאַנצע זאַך אָנגעקומען. מעהרסטע וויסענשאַפטען האָט ער בכלל ניט פאַרשטאַנען. ער האָט ניט

פאַרשטאַנען קיין געשיכטע, יוריספּרודענץ, די וויסענשאַפט וועגען דער אַנזאַמלונג און פאַנאַנדערטיילונג פון רייכטום. ניט דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געוואָלט פאַרשטעהן, נאָר ער האָט באמת ניט פאַרשטאַנען. און אויף אַלע טענות פון די לעהרער האָט ער געענטפערט איינס און דאָס זעלבע: „עס קען אַזאַ זאַך ניט זיין!"

ערשט דאַן האָט מען אויף ריכטיג אויסגעפונען, אַז ער איז אַן אמת׳ער אָפּגעריסענער נאַר — א נאַר, פאַר וועמען בלויז די מאַטעריאַלען פון וויסענשאַפט זיינען צוגענגליך, אָבער די וויסענשאַפט אַליין — קיינמאָל ניט. די נאַטור איז אַמאָל זעהר גרויזאם: זי עפענט פאַנאַנדער דעם מענשען׳ס פעהיגקייטען בלויז אויף אזוי פיעל, אז ער זאָל קענען פאַרשטעהן דאָס עלעמענטאַרע, און ווי נאָר עס קומט צו ציהען שלוסען פון אָט דעם מאַטעריאַל, פאַרשטעקט זי איהם דעם מח — און א סוף.

דער טאַטע איז ווידער א מאָל א פאַרשעהמטער געוואָרען, און האָט אָנגעהויבען דער מאַמען מאַכען פאַרווירפע, אז איוואַנושקע איז אין איהר געראָטען. אָבער די מאַמע האָט זיך צו די דאָזיגע פאָרוואורפען ניט צוגעהערט, נאָר געהאַלטען אין איין וויינען און גיסען טרעהרען. ניט־שווין־זשע וועט איוואַנושקע טאַקע פאַרבלייבען א נאַר אויף זיין גאַנצען לעבען?

— אָבער מאַך כאָטש דעם אָנשטעל אַז דו פאַרשטעהסט, — האָט זי זיך געבעטען ביי איוואַנושקע׳ן. — אפילו אויב ס׳איז דיר צואווידער. שטרענג זיך אָן און פאַרשטעה, כאָטש עפּעס. נו, ווייז, כ׳על דיר ערקלעהרען.

צועפּענט די מאַמע א ביכעל און לייענט:

§ וועגען דעם סדר פון ירושה לויט דעם געזעץ פון איין־שויסיגע — און הויבט ניט אָן צו פאַרשטעהן! וויינען זיי ביידע — אי דער נאַר אי די מאַמע.

און דער טאַטע נעהמט דערוויל האַקען: „די איין־שויסיגע" דאַרף מען אונטערשיידען: ערשטענס, פון די „איין־בלוטיגע", און צווייטענס, פון די יעניגע, וועלכע

זייענדיג איין־שוויסינע, זיינען צו דער זעלבער צייט אויך איינ־
בלוטיגע, און, דריטענס, פון „ר ו י ט ע ו ו אַ ל ע ט ע ן“.

— אַט ווי נוט דער טאַטע ווייסט דאָס אַלעס, — האָט זיך די מאַמע גע'חידוש'ט, און זיך נאָך מעהר באַנאָסען מיט טרעה־רען. דער מאַמע'ס וויינען האָט דעם נאַר אָפּטמאָל גענומען אָנצושטרענגען אַלע זיינע כחות. פלעגט ער זיך אוועקזעצען פאַר'ן ביכעל, פאַרשטאָפּען די אויערען מיט די פינגער און זיך נעהמען חזר'ען. פלעגט אויס'חזר'ען און ענטפערען די לעקציע אַזוי גוט, אַז עס קען גאָר בעסער ניט זיין. און פּלוצים ווערט ער אַ זאָג טאָן עפּעס אַזוינס וועגען אַלעקסאַנדער מוקדן, אַז ביים לעהרער וועלען זיך די לעצטע דריי האָהר שטעלען קאַפּויר.

— זעצט זיך, — האָט דער לעהרער געזאָגט. — אַ טרויע־ריגער שיקזאַל ערוואַרט אייך אין דער צוקונפט! איהר ווערט קיינמאָל קיין שטאַאטס־מאַן ניט זיין. דאַנקט גאָט, וואָס ער האָט אייך געגעבען עלטערען, וועלכע זיינען אין גאַרניט ניט פאַרדעכטיגט. וואָרים, ווען ניט דאָס... זעצט זיך, און זעהט, אַז איהר זאָלט ניט ערביטערען אייערע לעהרער מיט אייערע שענד־ליכע שטיק!

און, ווירקליך, אַ דאַנק זיינע עלטערען'ס פּאָליטישער כשר־קייט האָט מען דעם נאַר אַריבערגעפיהרט פון קלאַס אין אַ צווייטען, און ענדליך ארויסגעלאָזט פון דעם אַנשטאַלט מיט אַ משין. אָבער ווען ער איז געקומען אַהיים מיט'ן אַטעסטאַט, און די מאַמע האָט אַ קוק געטאָן, וואָס דאָרטען שטעהט געשריבען, האָט זי גענומען וויינען מיט ביטערע טרעהרען. און דער טאַטע האָט, אַ פאַרוואָלקענטער, אַ פרעג געטאָן:

— וואָס פאַר אַ צרות האָסטו דאָרט אָנגעמאַכט, גולם איינער?

— דאָס האָב איך, טאַטעלע, אַזוי זיך... ווייזט אויס, אַ געזעץ אַזאַ אין דעם אַנשטאַלט...

האָט אפילו געהעריג ניט געגעבען צו פאַרשטעהן — וואָס און ווער. דערזעהן ליאָווקע'ן אויפ'ן נאָס, איז ער צו איהם ארויסגעלאָפען.

ליאָווקע'ן האָט ער ליעב באַקומען נאָך מעהר ווי פריהער,

ווייל דער אָרימער נאַר איז נאָך קלעגליכער געוואָרען. פּונקט ווי מיט זעקס יאָהר צוריק, איז ער אַלץ ארומגעגאַנגען אַ באָרוועסער, אַ דארער, באַוואַקסען מיט האָר און אויסגעצויגען ווי אַ דראָנג. זיין מאַמע האָט זיך לאַנג פון איהם אָפּגעזאָגט : איהם קיין עסען ניט געגעבען און כמעט גאָרניט געקליידט. ער איז דעריבער שטענדיג ארומגעגאַנגען אַ הונגעריגער, און ווען ניט די ווייך־הארציגע בעקערקעס, וואָלט ער שוין לאַנג געווען פון הונגער אויסגעגאַנגען. אָבער די גרעסטע צרות איז ער זיך אויסגע־שטאַנען פון די קונדסים אין גאַס. לעבען האָבען זיי איהם ניט געלאָזט : געריייצט זיך מיט איהם, אָנגערייצט הינט אויף איהם, געקנייפּט איהם אין די ליטקעס, געריסען אויף איהם דאָס העמ־דעל. אַ גאַנצען טאָג האָט מען אין גאַס געהערט זיין וויינען. ער האָט געוואוסט פון וועהטאָג, אָבער פון וואַנען דער וועהטאָג איז געקומען — דאָס האָט ער ניט פאַרשטאַנען.

דער נאַר האָט זיך פאַר ליאָוועק'ן אָנגענומען, איהם אָנגע־וואַרימט, אָנגעקאָרמעט און אָנגעטאָן. אַלצדינג, וואָס ליאָוועק האָט געדאַרפט, האָט דער נאַר גענומען פון דער היים אָהן קיינע קשיות ; און ווען ער האָט ניט געוואוסט, וואו עפּעס אַ זאַך געפינט זיך, האָט ער דאָס געפאָדערט מיט אַזאַ טאָן, אַזוי ווי ער האָט זיך גאַרניט געקענט פאַרשטעלען, אַז מען זאָל איהם ענט־זאָגען. נאַר נאַראָנים האָבען אַזאַ איבערצייגונג אין זייער שטי־מע און אַזאַ ענטשלאָסענהייט אין זייערע אויגען. ער האָט פאַר גאָרניט און פאַר קיינעם קיין מורא ניט געהאַט, קיין זאַך איז איהם ניט געווען צואַווידער, און ער האָט קיין באַגריף ניט גע־האָט פון געפאַהר. דערזעהט ער דעם איספּראַוניק, לויפט ער ניט אַריבער אויף דער צווייטער זייט גאַס, נאָר געהט זיך גלייך, אַזוי ווי ער איז אין גאָרנישט ניט שולדיג. טרעפט זיך אַ שרפה אין שטאָדט — לויפט ער דער ערשטער אין פייער אַריין ; דער־הערט ער, אַז ערגעץ ליגט אימיצער געפעהרליך קראַנק — לויפט ער אַהין, זעצט זיך ביים קראַנקען צוקאָפּענס און באַדיענט איהם. און אין אַזעלכע פעלע געפינען זיך ביי איהם קלוגע רייד, אַזוי ווי ער וואָלט גאָר קיין נאַר ניט געווען. בלויז איין זאַך איז איהם געלעגען ווי אַ שווערער שטיין אויפ'ן הארצען : די מאַמעלע

זיינע איז נעכט ניט געשלאָפען, בעת ער איז מיט זיינע נאַריש־קייטען אנגעגאנגען. אָבער אין זיין שיקזאל איז געווען עפּעס פאַטאַלעס, וואָס האָט איהם געפיהרט צו זעלבסט־פארניכטונג און זעלבסט־אויפאָפּפערונג, און ער האָט אינסטינקטיוו געפאָלגט אָט דעם אינערליכען באַפעהל, ניט טראַכטענדיג וועגען קאָנזעק־ווענצען, און נישט מאַכענדיג קיינע קאָמפּראָמיסען אפילו צוליעב זיינע בלוט־אייגענע.

ניט איין מאָל האָבען זיך די עלטערען געבראָכען דעם קאָפּ, ווי אזוי דעם נאַר צו באַזאָרגען אזוי, אז ער זאָל כאָטש מעהר־ווייניגער זיין מיט לייטען גלייך. דער טאַטע האָט איהם געפונען אַ שטעלע אלס אַ קוראַטאָר פון דער אָרטיגער שול (אָהן געהאַלט, הייסט עס, וועט זיך אַ נאַר אויך אויסטויגען, און מיט געהאַלט — אודאי!); אָבער דער נאַר האָט פון סאַמע אָנהויב גענומען רעדען אזוינע נישטגעשטויגענע זאַכען, אז דער איספּראַווניק האָט איינגעווילינגט צו פאַרשווייגען די זאַך נאַר אַ דאַנק די עלטערען'ס אויסגעפּרובירטע „בלאַגאָנאַדיאָזשנאָסט“. דאַן איז דער מאַמען איינגעפאַלען אַ געדאַנק — חתונה מאַכען דעם נאַר.

מ'האָט אָפּגעזוכט אַ כלה, אַ קרעמער'ס אַן אלמנה, וועלכע איז געווען אַ בילד־שעהנקייט און געהאַט צוויי קראָמען אויף דער הויפּט־גאַס. אַן אלמנה איז זי געווען אָהן אַ פּגימה, די סחורה אין איהרע קראָמען איז תמיד געווען פון ערשטען סאָרט און איהרע געשעפטען האָט זי געקענט פיהרען גאַנץ זעלבסט־שטענדיג. קורץ — מען האָט קיין בעסערען שידוך זיך גאָר ניט געקאָנט ווינשען. דער נאַר, פון זיין זייט, איז אויך דער כלה געפעלען געוואָרען: אויסגעזעהן האָט ער גאַנץ אַנשטענדיג, און זיין באַנעהמונג איז אויך געווען סטאַטעטשנע. און זי האָט אפילו נישט געדענקט, ווי אנדערע, אז ער האָט קיין שכל ניט. ניט מעהר, האָט זי געזאָגט, מען דאַרף אין איהם דעם שכל פאַנאַנדערבינדען, און זי איז געווען זיכער, אַז איהר וועט זיך דאָס איינגעבען.

אָבער ביים נאַר זיינען די אינסטינקטען זיינע אזוי געשמאַק געשלאָפען, אַז אפילו אָט די ווייך־האַרציגע און באַשיידענע פרוי האָט זיך נע'חידוש'ט. קיין איין מאָל האָט ער קיין ציטער ניט

געטאָן, ווען זי האָט זיך צו איהם צוגעריהרט; קיין איין מאָל האָט ער ניט געפיהלט קיינע פון אָט די פארלעגענהייטען, צו וועלכע פרויען באציהען זיך מיט אזא הארציגען מיטלייד, פיהלענדיג אינסטינקטיוו, אז דאָס זיינען די ערשטע, זיסעסטע, ליעבעס־ציטערען. דער נאר פלעגט קומען, אָפּעסען ווארימס, אָפּטרינקען טעע און בלייבען זיך אזוי זיצען, גישט פארשטעהענדיג, פארוואָס ער איז עפּעס גראָדע דאָ און ניט אין דער היים.

— ווי איז אייך ניט לאנגווייליג? פארשטעהט איהר דען גארניט? — האָט איהם די אלמנה די קראָסאוויצע געפרעגט.

— מיר איז שוין גאָר לאנגווייליג! מען זאָגט עס איז דערפאר, וואָס איך האָב ניט קיין באשעפטיגונג.

טאָ קריגט עפּעס א באשעפטיגונג... קריגט אימיצען ליעב!

— גאָט איז מיט אייך! וואָס הייסט ניט ליעב האָבען? אלעמען דארף מען ליעב האָבען. די גליקליכע — דערפאר, וואָס זיי האָבען פארשטאנען, ווי זיך גליקליך צו מאכען, און די אומגליקליכע — דערפאר, וואָס זייער לעבען איז אָהן פריידען.

און אזוי איז געוואָרען אויס שידוך.

די אלמנה האָט זיך דאָס שטארק צום הארצען גענומען, האָט אפילו צוגעזאָגט צו ווארטען נאָך א יאָהר, אָבער זי האָט נאָר אין גיכען חתונה געהאט מיט דעם „שטאָדט־קאָפּ". איצט האָבען זיי שוין פיער קראָמען אין דער פּאראדנער גאס. אין דערוואכען פיהרען זיי מסחר אין אלע פיער קראָמען, און זונטאָג נעהמען זיי אויף געסט — דעם איספּראווניק און אנדערע אויטאָריטעטען.

און דער נאר האָט זיך אוועקגעזעצט ביי די עלטערען אויפ׳ן קארק און ריהרט זיך ניט פון אָרט. לויפט צו שרפות, באדיענט קראנקע, ברענגט אהיים גאנצע סטאַדעס בעטלער.

— זאָל איהם כאָטשבע גאָט צו זיך נעהמען, — פליסטערט דער טאטע צו זיך אליין, די מאמע זאָל ניט דערהערען.

און די מאמע האלט אין איין בעטען גאָט און ווארטען, אז ער זאָל מיט איהר א חסד טאָן. דער רבונו של עולם, האָט זי געהאָפט, וועט באלייכטען איוואנושקע׳ס מוח מיט פארשטענדניש, וועט איהם ארויספיהרען אויפ׳ן דרך פון דעם הער איספּראווניק און זיין געהילף. ער מוז דאָך סוף כל סוף עפּעס א

רעגירונגס־שטעל באקומען! עס קען דאָך ניט זיין, אז פאר אלע־מען איז דאָ וואָס צו טאָן און פאר איהם איינעם — ניט.

בלויז איין מענש האָט אויף איוואַנושקע'ן מיט אַנדערע אויגען געקוקט, אָבער אויך ער איז געווען בלויז אַ צופעליגער פארביירייזענדער. איז געפאָהרען פארביי דער שטאָדט און האָט זיך אָפּגעשטעלט באזוכען דעם טאַטען, מיט וועמען ער איז גע־ווען אלטע גוטע פריינד. האָט מען אָנגעהויבען רעדען, דער־צעהלען מעשיות, דערמאָנט זיך אָן אמאָליגע יאָהרען. אָנגערעדט זיך זאט וועגען זייערע יוגענד־שטיפערייען, און אזוי רעדענדיג האָט מען אויך וועגען היינטיגע צייטען זיך צורעדט. דער טאַטע האָט, יעדענפאלס, צוגעמאַכט די טיר, און ביידע האָבען ארויס־געלעגט וואָס ביי וועמען עס איז געווען אויפ'ן הארצען. ניש־ט געזאָגט, אָבער געטראַכט פאר זיך: „אזא ביזטו דאָס, ברודער־קע!“ פארשטעהט זיך, אז דער טאַטע האָט זיך באקלאָגט אויפ'ן נאַר. און אזוי ווי מען האָט זיך שוין מיט איהם ניט צערעמאָ־ניעט, האָט מען איהם אפילו אין זיין אנוועזענהייט אויך גערופען „נאַר“. דער גאַסט האָט זיך פאראינטערעסירט מיט'ן נאַר, איז געבליבען נעכטיגען און אויף מאָרגען האָט ער אזוי געזאָגט:

„ער איז גאַר קיין נאַר ניט; ער האָט בלויז ניט קיין נידער־טרעכטיגע געדאַנקען, און דערפאַר קאָן ער זיך ניט צופאַסען. עס זיינען אויך דאָ מענשען, וועלכע באפרייען זיך ביסלעכווייז פון נידערטרעכטיגע געדאַנקען, אָבער דער פּראָצעס פון אזא בא־פרייאונג קאָסט זיי גרויסע אָנשטרענגונגען און ברענגט מיט זיך אָפט מיט אַ מאָראלען קריזיס. ער אָבער האָט גאַר קיין אָנ־שטרענגונגען ניט געדאַרפט מאַכען, ווייל אין זיין אָרגאַניזם זיינען גאַר ניט געווען אזוינע לעבעלעך, דורך וועלכע אַ נידערטרעכ־טיגער געדאַנק זאָל קענען דורכקריכען. עס איז אָבער קיין צוויי־פעל ניט, אז עס וועט קומען אַ צייט, ווען דער דרוק פון לעבען וועט איהם צווינגען אויסצוקלייבען צווישען נאַרישקייט און נידער־טרעכטיגקייט. דאַן וועט ער פ א ר ש ט ע ה ן. אָבער איך וואָלט אייך ניט ראַטען צו דערנעהנטערען דעם דאָזיגען מאָמענט, ווייל ווען ער וועט קומען וועט אויך דער וועלט ניט זיין אזא אומגליקליכער מענש ווי אייער זוהן. אָבער אויך דעמאָלט —

**איך בין אין דעם זיכער — וועט ער ליבערשט פארבלייבען א נאר.**

דער גאַסט איז אַוועקגעפאָהרען. און דער טאַטע האָט זיך פארטראַכט. ער האָט אָנגעהויבען פאַנאַנדערקלייבען זיין אייגען לעבען, זיך דערמאָנט אָן די נידערטרעכטיגע געדאַנקען, וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט און ווי אַזוי ער האָט זיך פון זיי באפרייט. און עס פארשטעהט זיך, אז ווי שטרענג ער איז צו זיך ניט געווען, האָט ער דאָך אויסגעהאַלטען דעם עקזאַמען אויסגעצייכענט. ער האָט קיינמאָל קיין נידערטרעכטיגע געדאַנקען ניט געהאַט און פאָלגליך האָט ער קיינמאָל ניט באדאַרפט פון זיי זיך באפרייען. פארוואָס־זשע איז ער אָבער ניט קיין נאר?

ענדליך האָט ער ביי זיך אפגעמאַכט, אז דער פריינד זיינער איז שוין צופיעל איבערגעשפיצט. „זיצען זיך דאָרט, אין די פעטערבורגער מויערען, און ענטוויקלען זיך. און אז זיי ענטוויקלען זיך, הויבען זיי אָן רעדען דער שוואַרצער יאָהר ווייסט וואָס. מיר אָבער וואוינען דאָ אין פּאָשעכאָניע, און מיר ענטוויקלען זיך ניט, דערפאַר אָבער רעדען מיר אויך ניט קיין נאַרישקייטען. אַזוי איז טאַקע זיכערער. און וואָס ער האָט געזאָגט איז נישט געשטויגען און נישט געפלויגען. אין נאַרישקייט שטעקט ניט קיין מתנה פון גאָט, און אויב גאָט וועט העלפען און דער נאר מיינער וועט אַמאָל ווערען א חכם, וועט ער פון דעם זיכער ניט ווערען קיין אומגליקליכער. ער וועט זיך קריגען א רעגירונגס־שטעל און וועט אָנהויבען לעבען מיט לייטען גלייך".

און נאָכדעם ווי ער האָט ביי זיך אַזוי אָפגעמאַכט, האָט ער גענומען וואַרטען: אָט־אָט וועט איוואַנושקע קלוג ווערען און מען וועט איהם באַלד א רעגירונגס־שטעל פאָרשלאָגען. אָבער אַנשטאָט דעם האָט מען איהם אין איין שעהנעם פריהמאָרגען געלאָזט וויסען, אז דער נאר איז איננאַנצען פון הויז פארשוואונדען.

יאָהרען זיינען פארביינעגאַנגען. די אַלטע טאַטע־מאַמע האָבען זייערע אויגען אויסגעוויינט. יעדע מינוט האָבען זיי געוויינט; יעדער געדאַנק זייערער האָט געהאַט עפּעס א שייכות מיט דעם פארשוואונדענעם נאר. אַלעם האָבען די אַלטע פארגעסען און נאָר וועגען איין זאַך געקימערט: וואו איז ער איצט? איז ער זאַט? איז ער אָנגעטאָן? א סך דאַרף מען דען האָבען,

**אז אזא ווי ער זאָל אינגאנצען אומקומען! זאָל אייך גאָט אָפּ־**
היטען פון צו פיהלען דעם צער פון א טאַטע'ס און מאַמע'ס הארץ,
וואָס נעהמט אויף זיך אַלע שולדען, וואָס ווערט צוריסען פון דעם
טויזענדפאַכיגען ווידער־קול פון דעם קינד'ס א קרעכץ!

אָבער דער נאַר איז געקומען צוריק — פּלוצים, אזוי ווי ער
איז פּלוצים פארשוואונדען. פון זיין בליהענדען געזונד איז קיין
סימן ניט געבליבען. ער איז געווען בלייך, דאַר, אויסגעמוטשעט.
וואו האָט ער זיך ארומגעוואַגלערט? וואָס האָט ער געזעהן?
האָט ער פארשטאַנען אָדער ניט פארשטאַנען? קיינער האָט פון
איהם דאָס זיך ניט געקענט דערוויסען. געקומען אהיים און אנ־
שוויגען געוואָרען.

אַלענפאַלס איז דער פארביידרייזענדער געווען גערעכט: **ביז
זיין טויט איז פאר איהם פארבליבען דער צונאָמען נ א ר.**

# דער האָרעפּאַשנער פערד.

ליגט דער האָרעפּאַשנער פערד ביים וועג און דרעמעלט
שווער. דער פויער האָט איהם נאָר וואָס אויסגעשפּאַנט און
איהם געלאָזט זיך פּאַשען. אבער איהם ליגט ניט אין קאָפּ קיין
עסען. דאָס שטיקעל פעלד איז געווען א שווערס, מיט שטיינדלאַך,
און ער מיט דעם פויער האָבען דאָס קוים בייגעקומען.

דאָס איז אַ געוועהנליכער פויערשער פערד, אַן אויסגעמור־
טשעטער, אַ צושלאָגענער, אַ שמאָל־ברוסטיגער, מיט אויסגע־
סטארטשעטע ריפּען־ביינער, מיט אָפּגעברענטע פּלייצעס, מיט צו־
קלאַפּטע פיס. דעם קאָפּ האַלט ער אראָפּגעלאָזט; די גריווע אויף
זיין האלז איז צופּאַטעלט; פון די אויגען און די נאָז־לעכער רינט
אַ גליטשיקע פליסיגקייט; די אויבערשטע לופּ הענגט ביי איהם
ארונטער ווי אַ לאַטקע. מען קען זיך מיט אזא בהמה ניט אָנאַר־
ביטען. אבער ארבייטען מוז מען.

טאָג־טעגליך איז דער פערד אין כאמוט. זומער ארבייט ער
אויפ'ן פעלד פון אין דער פריה ביז ביי־נאַכט, און ווינטער פיהרט
ער „פּראָדוקטען".

און פון וואַנען זיך אָננעהמען מיט כוחות האָט דער האָרע־
פּאַשנער פערד אויך ניט. דאָס עסען, וואָס מען גיט איהם קלעקט
אויף איין צאָהן. זומער, ווען ער נעכטיגט אויפ'ן פעלד, קען ער
כאָטש אַ כאַפּ טאָן אַ פריש גרעזעל, ווינטער אָבער פיהרט ער
„פּראָדוקטען" אויפ'ן מארק און ווען ער קומט אַ היים עסט ער
פארפוילטע געהאַקטע שטרוי. פריהלינג־צייט, ווען מען טרייבט
די בהמות ארויס אין פעלד אריין, דארף מען איהם הויבען מיט
שטעקענס. און אין פעלד איז קיין גרעזעלע ניט צו געפינען. דאָ
און דאָרט שטעקט ארויס אַ ביסעל פארפוילטע פאַר־אַ־יאָהריגע
שטרוי, וואָס די בהמה'שע ציינער האָבען צופעליג אויסגעלאָזט.

שוועך קומט דעם האָרעפּאַשנעם פערד אָן דאָס לעבען. נאָך גוט וואָס דער פויער איז נישט קיין שלעכטער, און קאַליעטשעט איהם ניט אומזיסט. פאָהרעןביידע ארויס מיט דעם אקער אין פעלד אריין: „נו, טייערינקער, שלעפּ!" דערהערט ער דעם באַקאַנטען געשריי, און ער פארשטעהט. מיט זיין גאַנצען קלאָגע־דיגען קערפּער ציהט ער זיך אויס, שפּאַרט זיך איין מיט די פאָ־דערשטע פיס און מיט די הינטערשטע שטופּט ער און בויגט צו דעם קאָפּ צו דער ברוסט. „נו, קאַטאַרזשנער, שלעפּ ארויס!" און הינטער דעם אקער געהט דער פויער און שפּאַרט מיט דער ברוסט; די הענד זיינען ווי צוואַנגען צוגעקאוועט צום אקער, די פיס מאַכען גריבער אין דער ערד; מיט די אויגען פאָלגט ער דעם אקער ער זאָל ניט אראָפּ פון וועג. מאַכען זיי דורך דאָס שטיק פעלד פון איין עק ביז'ן צווייטען און ציטערען: אָט קומט ער, דער טויט! פאַר ביידען איז דאָס דער טויט — פאַר דעם פערד און פאַר'ן פויער. אַלע טאָג דער טויט.

א שטויביגער פויערשער וועג ציהט זיך פון דאָרף ווי א שמאָ־לע לענטע. פאָהרען זיי ארויף אויף אָט דעם וועג, פאָהרען איהם דורך און לויפען ווייטער ערגעץ־וואו. אויף ביידע זייטען ליגען פעלדער. קיין סוף און קיין עק האָבען זיי ניט, די פעלדער. די גאַנצע ווייטקייט און ברייטקייט פארנעהמען זיי. אפילו דאָרט, וואו דער הימעל גיסט זיך צוזאַמען מיט דער ערד — אפילו דאָרט זיינען אויך אַלץ פעלדער. גאָלד־שומערענדע, גרינע, נאַקעטע, האָבען זיי ווי מיט אן אייזערנעם רינג איינגעשמידט דאָס דאָרף, און עס האָט קיין אויסגאַנג ניט, סיידען אין דעם אָפּגרונד פון די פעלדער אריין. אָט געהט דאָרט א מענש פון דער ווייטען; אפשר האַקען זיך ביי איהם אונטער די פיס פון שנעלען געהן; אָבער פון דער ווייטענס ווייזט זיך אויס, אז ער שטעהט אויף איין אָרט און טאָפּ־טשעט מיט די פיס, אַזוי ווי ער וואָלט זיך ניט געקאָנט באפרייען פון דער אַל־הערשענדער פעלדער־שטרעקע. ניט אין דער טיפע־ניש געהט אוועק דאָס קליינע, קוים באמערקבארע פינטעלע, נאָר עס הויבט אָן צו וועלקען און ווערען אונדייטליכער. ער ווערט טריבער און טריבער, און מיט אמאָל פארשווינדט עס, אַזוי ווי דער שטח אַליין האָט עס איינגעשלונגען.

דורך יאָהרען און אייביגקייטען ליגט אַ פאַרגליווערטע אָט די שרעקליכע, אומבאַוועגליכע פעלדער־מאַסע, אַזוי ווי זי וואָלט געהיט די מערכענהאַפטע קראַפט, וואס זי האָלט אין געפענגניש. ווער וועט די דאָזיגע קראַפט באַפרייען? ווער וועט זי אויף דער ליכטיגקייט, אין דער וועלט אַריין אַרויסברענגען? אויף צוויי ווזעזנס איז געפאַלען דער גורל: אויפ'ן פויער און זיין פערד. און ביידע מאַטערען זיך מיט אָט דער אויפגאַבע, פון דעם וויעגעל ביז דעם קבר, פאַרגיסען בלוטיגען שוויים. אָבער דאָס פעלד האָט נאָך אַלץ זיין מערכען־קראַפט ניט אַרויסגעגעבען, — אָט די קראַפט, וועלכע וואָלט פריי געלאָזט דעם פויער און אויסגעהיילט דעם פערד זיין אָנגעוועהטאָגטע פלייצעס.

ליגט דער פערד אויף דער הייסער זון; קיין איינציג בלי־מעלע אַרום, און די לופט איז אַזוי אָנגעגליהט, אַז עס טהוט וועה איז האַלדז צו אָטהעמען. זעלטען ווען אַ ווינטעל הויבט אויף דעם שטויב אויף דעם וועג, אָבער דער ווינד ברענגט ניט קיין ערפרי־שונג, נאָר נייע און נייע שטראָמען היץ. ברעמזען און פליגען פליהען אַרום דעם פערד ווי וואַהנזיניגע, פליהען אַריין אין זיינע אויערען און נאָז־לעכער, זויגען זיך איין אין די צושלאָגענע ערטער, און ער — ער מאַכט נאָר אויטאָמאַטיש מיט די אויערען און ציטערט אויף פון יעדען שטאָך. צי דער פערד דרעמעלט צי ער האַלט ביים פגר'ן — דאָס איז שווער צו זאָגען. ער קען זיך אַפילו ניט באַקלאָגען, אַז די היץ און די בלוטיגע אָנשטרענגונג האָט איהם אין גאַנצען דעם אינעווייניג ווי אָנגעצונדען. אַפילו אָט די טרייסט האָט גאָט דער שטומער בהמה ניט געגעבען.

עס דרעמעלט דער האָרעפּאַשנער פערד און אין דער פיינליכער אַגאָניע, וואס פאַרנעהמט דאָס אָרט פון רוה, טראָגען זיך איבער איהם ניט קיין חלומות, נאָר דריקענדע, שווערע וואָלקענס — וואָלקענס, אין וועלכע עס זיינען ניטאָ קיין געשטאַלטען, נאָר גע־וואַלדיגע פלעקען, שוואַרצע און פייערדיגע, וואס אָט שטעהען זיי און אָט באַוועגען זיי זיך צוזאַמען מיט דעם אויסגעמוטשעטען פערד, און שלעפּען איהם מיט ווייטער און ווייטער אין דער גרונט־לאָזער טיעפעניש.

דאָס פעלד האָט קיין עק און קיין סוף ניט. נישטאָ וואוהין

אוועקצוגעהן פון דעם. דער פערד וועט עס דורכגעהן מיט דעם אקער אין דער לענג און אין דער ברייט, און עס וועט דאָך קיין סוף און קיין עק ניט האָבען. נאַקעט, אדער בליהענד, אָדער פארגלי־ווערט אונטער א ווייסען קיטעל האָט זיך עס מעכטיג פארשפּריט אין דער ברייט און אין דער טיעף, און שמידט אלעם איין. ניט מען קען עס פארשטעהן, ניט מען קען עס איינגעהמען און ניט אויסשעפּען. אָט איז עס טויט — און באלד איז עס ווידער געבאָרען געוואָרען. שווער צו פארשטעהן, וואס דאָ איז לעבען און וואָס טויט. אָבער סיי ביים לעבען און סיי ביים טויט איז דער ערשטער און שטענדיגער עדות דער האָרעפּאַשנער פערד. פאַר אַלעמען איז דאָס פעלד — ברייטקייט, פּאָעזיע, פרייהייט, פאַר דעם פערד אָבער איז עס שקלאַפערייי. דאָס פעלד דריקט איהם, נעהמט ביי איהם אוועק די לעצטע כחות, און איז דאָך ניט גע־זעטיגט. שפּאַנט דער פערד פון טאָג ביז נאכט, אין פאַראויס געהט א פּלעק און שאָקעלט זיך און שלעפּט איהם. אָט שאָקעלט ער זיך פאַר זיינע אויגען און אָט הערט ער אין שלאָף א געשריי:

„נו, טייערער! נו, קאַטאַרזשנער! נו!"

קיינמאָל וועט ניט אויסגעלאָשען ווערען דער פייערדיגער קוגעל, וועלכער גיסט אויף דעם האָרעפּאַשנעם פערד שטראָמען אָנגעגליהטע שטראַהלען, פון אין דער פריה ביז ביינאכט; קיינ־מאָל וועלען ניט אויפהערען די רעגענס, די שטורעמס, די זאַווערו־כעס, דער פראָסט. פאַר אַלעמען איז די נאַטור א מוטער, פאַר איהם אַליין איז זי א בייטש און א פּלאָגעניש. יעדע ערשיינונג פון איהר לעבען שפּיגעלט זיך אויף דעם האָרעפּאַשנעם פערד אָפּ ווי א מאַטערניש, יעדע בליהונג — ווי א סם. נישטאָ פאַר איהם קיינע דופטען, קיין קלאַנגען־האַרמאָניע, קיין פארבען־האַרמאָניע; ער ווייסט ניט פון קיינע איבערלעבונגען, קיינע געפיהלען, אויסער וועהטאָג, מיעדקייט און בייז מזל. מעג די זון אָנטרינקען די ערד מיט ליכט און וואַרימקייט, מעגען איהרע שטראַהלען ארויסרופען א יובעל פון לעבען — דער פערד ווייסט וועגען דעם בלויז איין זאַך: אַז צו די אָנצעהליגע סם'ען, פון וועלכע זיין לעבען איז אויסגעוועבט, איז צוגעקומען נאָך א סם.

ארבייט, ארבייט אָהן א סוף! ארבייט שעפּט אויס דעם

גאַנצען זין פון זיין עקזיסטענץ; פאַר ארבייט איז ער געבוירען
געוואָרען, און אויסערהאלב ארבייט איז ער ניט נאָר פאַר קיינעם
ניט נויטיג, — ער איז אַ היזוק, ווי אויסגערעכענטע בעלי בתים
זאָגען דאָס. די גאַנצע סביבה, אין וועלכער ער לעבט, איז איינגע־
אָרדענט אזוי, אז עס זאָל אין איהם ניט אָפּשטארבען די מוסקולען־
קראַפט, וועלכע מאַכט פּיזישע ארבייט פאַר מעגליך. אי עסען, אי
רוה, מעסט מען איהם אָפּ פּונקט אזוי פיעל, ווי עס איז נויטיג, אז
ער זאָל קענען ערפילען זיין אויפגאבע. און ווייטער — זאָל דאָס
פעלד און די נאַטור צוקאַליעטשען איהם. קיינעם וועט ניט ארען,
וויפיעל נייע וואונדען ער האָט געקראָגען אויף די פיס איוף די
פלייצעס, אויפ׳ן רוקען. ניט זיין וואוילזיין באַדאַרף מען האָבען
נאָר זיין לעבען, זיין פעהיגקייט. אריבערצוטראָגען דעם יאָך פון
ארבייט. וויפיעל יאָהרהונדערטער ער טראָגט דעם יאָך — דאָס
ווייסט ער ניט. וויפיעל יאָהרהונדערטער ער וועט איהם נאָך מו־
זען טראָגען — וועגען דעם קלעהרט ער ניט. ער לעבט, ווי פאַר־
זונקען אין אַ פינסטערען אָפּגרונד, און פון אַלע געפיהלען, אויף
וועלכע אַ לעבעדיגער אָרגאַניזם איז פעהיג, ווייסט ער בלויז פון דעם
נאָגענדען וועהטאָג פון האָרעווען.

דעם פערד׳ס לעבען גופא איז פאַר׳חתם׳עט מיט אַ זיעגעל
פון אונענדליכקייט. ער לעבט ניט, אָבער שטאַרבען שטאַרבט ער
אויך ניט. מיט טויזענדער שלאַנגען־שטעכלען האָט זיך דאָס פעלד
איינגעזויגט אין זיין לייב און האַלט איהם אויף דעם באַשטימטען
„פּאַס". וואָס פאַר אַ באַזונדערע אויסערליכע סמנים דער שיקזאַל
זאָל איהם ניט געבען, וועט ער אייביג בלייבען דערזעלבער: אַ
צושלאָגענער, אַ פאַרמוטשעטער, קוים אַ לעבעדיגער. פּונקט ווי
דאָס פעלד, וואָס ער באַוואַסערט מיט זיין בלוט, פיהרט ער ניט קיין
חשבון ניט פון טעג, ניט פון יאָהרען און ניט פון הונדערטער יאָה־
רען, נאָר ער ווייסט בלויז די אייביגקייט. איבער דעם גאַנצען
פעלד איז ער פאַנאַנדערגעשפּרייט און איבעראַל ציהט ער זיך אויס
מיט זיין קלעגליכען קערפּער, און איבעראַל איז ער דערזעלבער
נאָמענלאָזער האָרעפּאַשנער פערד. אייביגע שטאָף לעבט אין איהם,
וואָס קען ניט שטאַרבען, ניט צוגלידערט ווערען און ניט פאַרניכ־
טעט ווערען. דאָס לעבען האָט קיין סוף ניט — בלויז דאָס איז

קלאָר פאר איהם. אָבער וואָס איז אזוינס דאָס לעבען אַליין? צו וואס האָט עס פארשמיערט דעם פערד אין קייטען פון אונשטערב־ליכקייט? פון וואנען איז עס געקומען און וואהין געהט עס? די צוקונפט וועט וואהרשיינליך אמאָל געבען אַן ענטפער אויף די דאָזיגע פראגען... און מעגליך אז זי וועט פארבלייבען פונקט אזוי שטום און גלייכגילטיג, ווי דער אָפּגרונד פון דער פארגאנגענהייט, וועלכע האָט אָנגעפילט די וועלט מיט געשפּענסטער און איבער־געגעבען די מענשען צו זיי פאר קרבנות.

* * *

עס דרעמעלט דער האָרעפּאשנער פערד און פארביי איהם געהן דורך פּוסט־און־פּאסניקעס. קיינער וועט אויף דעם ערשטען קוק ניט זאָגען, אז דער האָרעפּאשנער פערד און דער פּוסט־און־פּאסניק זיינען קינדער פון איין טאַטען. דער פּוסט־און־פּאסניק איז געווען אַן איידעלער און געפּיהלפולער זון, און דער האָרעפּאש־ניק אַן אומגעהובעלטער געפיהללאָזער זון. לאנג האָט דער אַלטער געליטען די אומגעהובעלטקייט פון דעם האָרעפּאשניק; לאנג האָט ער ביידע קינדער באהאנדעלט גלייך, ווי עס פּאסט זיך פאר א גוטען טאַטען, אָבער ענדליך איז ער אין כעס געוואָרען און גע־זאָגט: „אָט האָט איהר מיין ווילען אויף אימער און אייביג: שטרוי פאר דעם האָרעפּאשניק און פאר דעם פּוסט־און־פּאסניק — האָבער". און אזוי איז דאָס פארבליבען. דעם פּוסט־און־פּאסניק האָט מען אוועקגעשטעלט אין א וואַרימען שטאהל, אונטערגעבעט ווייכע שטרוי און געקאָרמעט איהם מיט האָבער און הירזש; און זיין האָרעפּאשנעם ברודער האָט מען ארייגעפיהרט אין א קאַלטען שטאהל און א וואָרף געטאָן א בינטעל טוכלע שטרוי — קלאַפּ מיט די ציינער, האָרעפּאשנער פערד! און טרינקען — אַן איז א קאַליעזשע!

דער פּוסט־און־פּאסניק האָט שוין כמעט ווי פארגעסען, אז זיינער א ברודער לעבט אויף דער וועלט, אָבער איינמאָל איז איהם עפּעס אומעטיג געוואָרען און ער האָט זיך דערמאָנט. „ס'איז מיר דער־עסען", זאָגט ער, „מיין וואַרימער שטאהל, און די געלע הירזש קריכט מיר שוין פון האלז. לאָמיך אַקאָרשט געהן זעהן, וואָס מיין ברודער מאַכט עפּעס.

אוועק. קומט צוגעהן און גיט א קוק — זיין ברודער איז גאָר אונשטערבילך. מען שלאָגט איהם מיט וואָס עס פאַלט אריין אין די הענד אריין, און ער — ער לעבט. מען קאָרמעט איהם מיט שטרוי, און ער לעבט. און וואו מען זאָל מיט'ן אויג ניט א וואָרף טהאָן אויפ'ן פעלד — איבעראָל איז ער דאָ. אָט איז ער אין איין עק פעלד און אין אן אויגענבליק איז ער שוין אויפ'ן אַנדערן עק. עפּעס א באַהאַלטענער כח ליגט אין איהם; מען שלאָגט איהם מיט שטעקענס, די שטעקענס צוברעכען זיך און ער — ער לעבט.

און די פּוסט־און־פּאסניקעס האָבען גענומען ארום דעם האָרעפּאשניק זיך דרעהען.

זאָגט איינער:

דערפאַר קען מען איהם מיט גאָרניט ניט דערנעהמען, ווייל פון שטענדיגער ארבייט האָט זיך ביי איהם אָנגעזאמלט א סך געזונטען שכל. ער האָט פאַרשטאַנען אז די אויערען וואקסען ניט העכער פון דעם שטערן, אז מיט'ן קאָפּ קען מען קיין וואַנד ניט צוברעכען, און ער לעבט זיך רוהיג און אנשטענדיג, ארומגערינ־געלט פון אלע זייטען מיט שפּריכווערטער. א געזונד אויף דיר, האָרעפּאשניק! טהו דיין ארבייט, שטעה אויף דער וואַך!

און א צווייטער זאָגט פאַרקעהרט:

— ניין, גאָרנישט דורך געזונטען שכל האָט זיך זיין לעבען אזוי איינגעאָרדענט. וואָס איז אזוינס געזונטער שכל? געזונ־טער שכל — דאָס איז עטוואס געוועהנליכעס, באַנאַלעס, וואָס דער־מאָנט אייך אָן אַ מאטעמאטישער פאָרמולע אָדער א פּאָליציי־באַ־פעהל. ניט דאָס האַלט אויף די אונשטערבליכקייט פון דעם האָרע־פּאשנעם ברודער אונזערען, נאָר דער פאַקט, וואס ער טראָגט אין זיך דאָס לעבען פון גייסט און דעם גייסט פון לעבען. און אזוי לאַנג ווי ער וועט אין זיך טראָגען אָט די צוויי אוצרות, וועט קיין שטעקען איהם ניט בייקומען.

זאָגט א דריטער:

וואָס פאַר א שטוסערייען רעדט איהר דאָרט! דאָס לעבען פון גייסט, דער גייסט פון לעבען — וואָס איז דאָס אזוינס, אויב ניט א זינלאָזער איבערשטעלען פון אינהאַלטסלאָזע ווערטער? ניט דערפאַר איז דער האָרעפּאשניק אונוואונדבאַר, נאָר דערפאַר,

וואָס ער האָט ווירקליכע אַרבייט צו טאָן. אָט די אַרבייט גיט דאָס איהם גייסטיגען גלייכגעוויכט, מאַכט שלום צווישען איהם און זיין אייגענעם געוויסען און דעם געוויסען פון די מאַסען, און באַשענקט איהם מיט דער גלייכגעוויכט, וועלכע אפילו יאהרהונ־דערטער פון שקלאַפעריי קענען ניט בייקומען. אַרבייט, האָרע־פּאַשנער פערד! שפּאַר זיך אָן מיט די פיס אָן דער ערד, שלעפּ, ציה זיך און שעפּ פון דער אַרבייט אָט די זעליגקייט, וועלכע מיר, פּוסט־און־פּאַסניקעס, האָבען אויף אייביג פאַרלאָרען!

און דער פערטער (ווייזט אויס, ערשט פון דעם שענקער'ס שטאַהל) לענט צו:

אַה, מיינע הערען, מיינע הערען! אַלע האָט איהר מיט אַ פינגער אין הימעל געטראָפען! ניט דערפאַר קען מען איהם ניט דערגעהמען, וואָס אין איהם זיצט עפּעס אַ באַזונדערער כח, נאָר פּשוט דערפאַר וואָס ער איז פון דור דורות צוגעוואוינט צו זיין מזל. איצט קענט איהר אַ גאַנצען בוים אָן איהם צוברעכען — און ער וועט אַלץ לעבען בלייבען. אָט ליגט ער — דאַכט זיך קיין פאַרע אין איהם ניט געבליבען, אָבער גיט איהם אַ טורכע מיט דער בייטש ווי עס באַדאַרף צו זיין, און ער וועט ווידער נעהמען פּלאָנ־טען מיט די פיס. צו וואָס פאַר אַן אַרבייט ער איז אָנגעשטעלט — די מוז ער טהאָן. אַנו, צעהלט איבער, וויפיעל קאַליקעס אַזוינע עס זיינען צושפּרייט איבער'ן פעלד — און אַלע ווי איינע! קאַ־ליעטשעטעט זיי וויפיעל איהר ווילט — זיי וועלען ניט ווערען וועניגער. אָט איז ער גיטאָ און אָט איז ער ווידער ווי פון דער ערד אויסגעוואַקסען.

און אַזוי ווי די אַלע געשפּרעכען האָבען די פּוסט־און־פּאַסני־קעס געפיהרט ניט דערפאַר, וואָס זיי איז געגאַנגען אָן עפּעס, נאָר פּשוט אויס לאַנגווייליגקייט, האָבען זיי זיך גענומען קריגען און רייסען גלאַט אַזוי זיך. צום גליק איז גראַדע דאַן דער פויער אויפגעשטאַנען פון שלאָף און האָט ענטשיידעט אַלע זייערע ויכוחים מיט די ווערטער:

— נו, קאָטאָרזשנער, ריהר זיך!

דאָ האָט ביי אַלע פּוסט־און־פּאַסניקעס דער אָטהעם פאַר־כאַפּט פון ענטציקונג.

זעהט נאַר, זעהט, — האָבען זיי אַלע אויסגעשריען, — זעהט, ווי ער ציהט זיך, ווי ער שפּארט זיך אָן מיט די פאָ־ערשטע פיס און שטופּט מיט די הינטערשטע! שפּאַר זיך אָן, האָרעפּאשניק! אַט צו וועמען מען דאַרף זיך געהן לערנען! אַט וועמען מען דאַרף נאָכטהאָן! נו, קאַטאָרזשניק, נו!

## דער ווילדער פּריץ.

אין אַ ווייטען לאַנד, אין אַ ווייטער מדינה איז אַמאָל געווען אַ פּריץ. ער איז מיט'ן לעבען געווען גאַנץ צופרידען, ווייל פון אַלעם האָט ער געהאַט איבערגענוג — אי פּויערים, אי תבואה, אי ערד, אי גערטנער. און געווען איז דער פּריץ אַ נאַרישער, האָט געלייענט די צייטונג „וועדאָמאָסטי", און געהאַט אַ ווייך, ווייס, אויסגעבאַליעט לייב.

האָט איינמאָל דער פּריץ אויפגעהויבען די הענד צו גאָט און אַזוי געזאָגט:

— גאָטעניו! מיט אַלצדינג בין איך צופרידען, מיט אַלצ־דינג האָסטו מיך באַשענקט. נאָר איין זאַך קען מיין האַרץ ניט פאַרטראַגען: צופיעל איז דער פּויער שוין פאַרשפּרייט אין אונ־זער מדינה.

אָבער גאָט האָט געוואוסט, אַז דער פּריץ איז אַ נאַר, און האָט זיך צו זיין תפילה ניט צוגעהערט.

זעהט דער פּריץ, אַז דער פּויער מעהרט זיך פון טאָג צו טאָג, און עס כאַפּט איהם אָן אַ שרעק: „ער קען נאָך ביי מיר אין גאַנ־צען מיין האָב און גוטס אויפפרעסען!"

קוקט דער פּריץ אריין אין דער צייטונג „וועדאָמאָסטי", ווי אַזוי מען דאַרף זיך באַגעהן אין אַזאַ פאַל, און ער לייענט דאָרט אַז מען דאַרף זיך „סטאַרען".

— בלויז איין וואָרט, — זאָגט דער נאַרישער פּריץ, — אָבער אַ גאָלדען וואָרט — סטאַרען!

און ער האָט זיך גענומען סטאַרען, ניט אַבי ווי, נאָר טאַקי אויף אַן אמת'ן. האָט אַ פּויערס אַ הוהן פאַרבלאָנדזשעט צו איהם אין האָבער אריין, האָט ער זי געלאָזט כאַפּען און פון איהר אַ זופּ אָפּגעקאָכט; האַקט אַ פּויער אָן אַביסעל האָלץ אין

דעם פריצישען וואלד — מוז דער פויער ברענגען צופיהרען דאס האלץ אין הויף אריין און נאך באצאהלען שטראף.

— איך ווירק אויף זיי אם בעסטען דורך שטראפען, ווייל דאס פארשטעהן זיי בעסער ווי רייד, — זאגט דער פריץ צו זיינע שכנים.

די פויערים האבען דערזעהן, אז דער פריץ זייערער איז טאקי א נאר, אבער פאר זיך האט ער שוין גאר גענוג שכל. ער האט זיי אזוי צוגעדריקט, אז עס איז ניט געבליבען וואוהין זיך א קעהר צו טאן. וואו מען גיט זיך א דרעה, איז דא טאר מען ניט, און דאס איז ניט אייערס, און דא איז פארבאטען! פיהרט מען די בהמה צום וואסער, שרייט דער פריץ: „ס׳איז מיין וואסער!“ פארבלאנדזשעט א הוהן אויף זיין פעלד, שרייט ער: „ס׳איז מיין ערד!“ די וואסער, די ערד, די לופט — אלצדינג איז זיינס. קיין שפענדעל האט דער פויער ניט געקענט קריגען די שטוב צו באלייכטען, קיין בעזים די שטוב צו פארקעהרען.

האבען זיך די פויערים געווענדעט צום רבונו של עולם, און צו איהם אזוי געזאגט:

— גאט אונזערער! שוין בעסער אז דו זאלסט אונז אלעמען צו זיך נעהמען, איידער מיר זאלען זיך דעם גאנצען לעבען אזוי מאטערען.

האט דער בארעמהערציגער גאט פארנומען זייער געבעט, און אויף דעם גאנצען שטח פון די פריצישע אימעניעס איז קיין איין פויער ניט געבליבען. וואוהין דער פויער איז אהינגעקומען, דאס האט קיינער ניט באמערקט. מען האט נאר געזעהן ווי א שטורעם פון פאלאווע האט זיך אויפגעהויבען און א וואלקען פון לייוונט־טענע טראנטעס האט זיך דורכגעטראגען אין דער לופט.

דער פריץ איז ארויס אויפ׳ן באלקאן, האט א ציה געטאן מיט׳ן נאז: די לופט איז ריין, א מחיה. נאטירליך האט ער זיך געפרעהט. „איצט, — טראכט ער, — וועל איך לעבען א טאג“.

און ער האט אנגעהויבען לעבען א טאג.

צום אלעם ערשטען האט ער באשלאסען איינצופיהרען ביי זיך א טעאטער. ער האט לאנג ניט געוואַרט און אוועקגעשריבען א

בריעף צום אקטיאָר סאדאָווסקי, ער זאָל קומען צופאָהרען און ברענגען מיט זיך עטליכע אקטריסעס.

דער אקטיאָר סאדאָווסקי האָט איהם געפאָלגט; איז געקור־מען צו פאָהרען און געבראכט אקטריסעס אויך. ער זעהט אָבער, אז ביים פריץ אין הויז איז פוסט, און עס איז ניטאָ ווער עס זאָל אוועקשטעלען די דעקאָראציעס און אויפהויבען דעם פאָרהאנג.

— וואוהין האָסטו אהינגעטאָן דיינע פויערים? — פרעגט סאדאָווסקי דעם פריץ.

— גאָט האָט פארנומען מיין געבעט און האָט פון אלע מיינע גיטער אויסגעראמט דעם פויער! — ענטפערט איהם דער פריץ.

— ס'ארא נארישער פריץ דו ביזט! און ווער דערלאנגט דיר וואסער אויף צו וואשען זיך, דו נאר איינער?

— שוין עטליכע טעג אז איך האָב זיך טאקי ניט געוואשען.

— קלייבסט זיך, הייסט עס, צו זייען שוועמלעך אויפ'ן פנים? — האָט סאדאָווסקי געזאָגט און האָט פארנומען אלע זיינע אקטריסעס און מיט זיי אוועקגעפאָהרען.

דער פריץ האָט זיך דערמאָנט, אז ניט ווייט פון זיין דאָרף וואוינען פיער באקאנטע גענעראלען. טראכט ער זיך: „וואָס האלט איך דאָס אין איין שפיעלען פ א ס י א נ ס! לאָמיך נאָר פרואווען מיט די גענעראלען שפיעלען א פ ר ע פ ע ר א נ ס זאלבע פינפט!"

געזאָגט און געטאָן; ער האָט אָנגעשריבען איינלאדונגען צו אלע פיער גענעראלען, האָט באשטימט א טאָג און אוועקגעשיקט די איינלאדונגען.

די גענעראלען זיינען טאקע געווען אמת'ע, אבער זעהר הונ־געריגע, און דאריבער זיינען זיי באלד געקומען צו פאָהרען.

געקומען צו פאָהרען און קענען זיך ניט אָנ'חידוש'ען וואָס די לופט איז אזוי ריין.

— דאָס איז דערפאר, — באריהמט זיך דער פריץ, — וואָס גאָט האָט פארנומען מיין געבעט און האָט פון אלע מיינע גיטער אויסגעראמט דעם פויער!

— אה, ווי גוט! — לויבען די גענעראלען דעם פריץ. —

הייסט עס, אז איהר זענט אינגאַנצען פּטור געוואָרען פון דעם פויערשען גערוך ?

—אינגאַנצען, — ענטפערט דער פּריץ.

— זיי האָבען אָפּגעשפּיעלט איין פּ ר ע פ ע ר א נ ס, אַ צווייטען. די גענעראַלען פיהלען, אַז עס איז שוין צייט צו מאַכען אַ שנאַפּס, און זיי ווערען אומרוהיג און קוקען זיך ארום.

— מסתמא ווילט זיך אייך אַ ביס טאָן, הערדען גענעראַלען ? — פרעגט דער פּריץ.

— האָס וואָלט ניט געוועין קיין שלעכטע זאַך, הערר פּריץ.

איז ער אויפגעשטאַנען פון טיש, צוגעגאַנגען צום בופעט, און פון דארטען ארויסגענומען אַ קיבעלע און אַ מאַשינאָווע לעקעבעל פאַר יעדען איינעם.

— עסט וואָס גאָט האָט געגעבען.

— וואָס איז דאָס אזוינס ? — האָבען אויף איהם די גענעראַלען אָנגעשטעלט די אויגען.

— אָט האָט איהר צו פאַרבייסען !

— אַ שטיקעל פליש, אַ שטיקעל פליש וואָלטען מיר װעלען.

— קיין פליש האָב איך ניט פאַר אייך, הערדען גענעראַלען, ווייל זינט גאָט האָט מיך באַפרייט פון דעם פויער שטעהט דער אויווען אין קיך ניט אַ געהייצטער.

די גענעראַלען זיינען אזוי אויפגעבראַכט געוואָרען, אַז ביי זיי האָבען אָנגעהויבען די צייהנער צו קלאַפּען.

— אָבער אַליין פרעסטו דאָך ? — האָבען זיי זיך אויף איהם ארויפגעוואָרפען.

— רויהע זאַכען עס איך, און לעקעכלאַך האָב איך נאָך אויך דערווייל.

— אוי, ס'אַרא נאַרישער פּריץ דו ביזט עס, ברודערקע, — האָבען די גענעראַלען געזאָגט און אוועק אַהיים נאָך איידער זיי האָבען געענדיגט דעם פּ ר ע פ ע ר א נ ס.

דערהערט, אַז מען רופט איהם נאַר אַ צווייטען מאָל, האָט זיך דער פּריץ געוואָלט פאַרטראַכטען, אָבער גראַדע דאַן זיינען זיינע אויגען געפאַלען אויף אַ טעשעל קאַרטען. האָט ער אַ מאַך געטאָן

אויף אַלעם מיט דער האַנד און זיך ווידער גענומען פאַנאַנדערלעגען פּ א ס י א נ ס.

— מיר ווע‏לען זעהן, הערדען ליבעראַלען, ווער וועמען עס וועט בייקומען. איך וועל אייך ווייזען וואָס אמת'ע ענטשלאָסענ־הייט קען אויפטאָן. אויב דער פּ א ס י א נ ס וועט זיך ביי מיר אויסלעגען דריי מאָל נאָכאַנאַנד, מיינט דאָס, אַז איך דאַרף קיינעם ניט הערען.

און ווי אויף צו להכעיס האָט זיך ביי איהם אויסגעלעגט עטליכע מאָל נאָכאַנאַנד. דאַן איז שוין ביי איהם קיין ספק ניט געבליבען.

— אויב, — זאָגט ער, — דער שיקזאַל אַליין הייסט, מוז מען זיך האַלטען פעסט ביז צום סוף. און דערווייל וועט זיין גענוג פּ א ס י א נ ס. כ'וועל געהן עפּעס טאָן.

ער האָט זיך אויפגעהויבען און גענומען געהן איבער די צימערען. געהט פון איין צימער אין צווייטען, און אַז עס ווערט איהם מיאוס, זעצט ער זיך אַנידער און טראַכט. ער טראַכט ווע־גען די מאַשינען, וואָס ער וועט אויסשרייבען פון ענגלאַנד, און אַלעס וועט ביי איהם געהן אויף דאַמף, און פון דעם פויערשען גערוך וועט קיין סימן ניט זיין. ער טראַכט וועגען דעם סאָד, וואָס ער וועט פאַרפלאַנצען; אָט דאָ וועלען זיין באַרען־בוימער, דאָרטען עפּעל בוימער, אין אָט דעם ווינקעל וועט ער פאַרפלאַנצען טייטעל־בוימער, און אין יענעם — גריכישע נוסען בוימער. און אַלעס וועט פון זיך אַליין געטאָן ווערען. ער וועט א קוק טאָן אין פענסטער און ער וועט דערזעהן דעם סאָד א פאַרטיגען, פּונקט, ווי ער האָט איהם געפּלאַנט. די צווייגען וועלען זיך בויגען אונטער דער משא פון די פּרוכטען, און ער וועט בלויז דאַרפען מיט א מאַשין צוזאַ־מענקלייבען די אַלע גוטע זאַכען און זיי לייגען אין מויל אַריין.

ער טראַכט וועגען די קיה, וואָס ער וועט אויסשרייבען, ווי זיי וועלען ניט האָבען ניט קיין הויט און ניט קיין ביינער, נאָר הוילע מילך. ער טראַכט וועגען די בערען וואָס וועלען ביי איהם וואַקסען, גרויסע אַזעלכע — פינף אויפ'ן פונט, — און וויפיעל פון זיי ער וועט פאַרקויפען אין מאָסקווע.

מיעד געוואָרען טראַכטענדיג, געהט ער צו צום שפּיגעל זיך

באטראכטען. אבער דער שפּיגעל איז באדעקט מיט דריי פינגער שטויב.

— סענקאַ! גיט ער אַ געשריי; ער פּאַרכאַפּט זיך אָבער און זאָגט: — נו, זאָל זיך אַזוי זיין דערווייל. איך וועל אָבער באווייזען די הערערן ליבעראַלען וואָס ענטשלאָסענהייט קען אויפ־טאָן.

און אַזוי גייט ער ארום שלינג און שלאַנג ביז עס ווערט פינסטער, און אַז עס ווערט פינסטער לייגט ער זיך שלאָפען.

און אין שלאָף חלום׳ען זיך איהם נאָך זיסערע חלומות ווי אויף דער וואָהר. עס חלום׳ט זיך איהם, אַז דער גובערנאַטאָר אַליין האָט זיך דערוואוסט פון זיין פעסטקייט און ענטשלאָסענהייט און פרעגט דעם איספּראַווניק: „ווער איז דאָס דער ענטשלאָסע־נער פריץ אין אייער אויעזד?" און וויטער חלום׳ט זיך איהם, אַז פאַר דער פעסטקייט זיינער האָט מען איהם געמאַכט פאַר אַ מיניסטער און אַז ער גייט אָנגעטאָן אין לענטעס און שרייבט צירקולאַרען.

אָבער וויפיעל איז דער שיעור צו חלום׳ען? מען דאַרף דאָך אַמאָל אויפשטעהן אויך. כאַפּט ער זיך אויף און גיט אַ געשריי:

— סענקאַ!

באַלד דערמאָנט ער זיך אָבער און לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ.

— מען דאַרף דאָך פאָרט עפּעס טאָן! — זאָגט ער צו זיך אַליין. וואָלט כאָטש אימיצען דער שוואַרצער יאָהר געבראַכט!

און ווי ער האָט אַרויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער קומט צו פאָהרען דער קאַפּיטאַן ־ איספּראַווניק אַליין.

— זאָגט מיר נאָר, זייט אַזוי גוט, הערר פריץ, ווי אַזוי זיי־נען דאָס מיט אַמאָל אַלע אייערע ציטוויילינ־פאַרפּליכטעטע פאַר־שוואונדען? — פרעגט דער איספּראַווניק.

— גאָט האָט פאַרנומען מיין געבעט און האָט פון אַלע מיינע גיטער דעם פּויער אויסגעראַמט.

— אַזוי. און קענט איהר מיר ניט זאָגען ווער עס וועט צאָה־לען צינזען פאַר זיי?

— צינזען... דאָס וועלען זיי! זיי אַליין! דאָס איז זייער הייליגסטע פּליכט!

— אמת. און ווי אזוי, זאָגט מיר, וועט מען פון זיי אויס־מאָהנען די צינזען נאָך דעם ווי גאָט האָט פאַרגענומען אייער געבעט און זיי צוזייעט אויף אַלע פיער ווינטען?

— דאָס... דאָס ווייס איך שוין ניט. איך, פון מיין זייט, ענטזאג זיך פאר זיי צו צאָהלען.

— און ווייסט איהר, הערר פּריץ, אז די מלוכה־קאַסע קען אָהן צינזען און שטייערען ניט אויסקומען? און ווייסט איהר, אז צוליעב אייך איז אויפ'ן מארק קיין שטיקעל פלייש און קיין פונט ברויט ניט צו באַקומען? ווייסט איהר מיט וואָס דאָס שמעקט?

— מיט'ן גרעסטען כבוד! פון מיין זייט בין איך בארייט בייצושטייערען וואָס איך קען! אָט האָט איהר צוויי לעקעכלאַך!

— ס'אַרא נאַר איהר זענט דאָס, הערר פּריץ, — האָט דער איספּראַווניק געזאָגט און איז אוועקגעפאָהרען.

דעם מאָל האָט זיך דער פּריץ טאַקי אויף אַן אמת פאַרטראַכט. שוין דער דריטער מענש רופט איהם נאַר; שוין דער דריטער מענש גיט אויף איהם אַ קוק און שפּייט אויס. איז דאָס טאַקי מעגליך, אז ער איז אַ נאַר? קען דאָס טאַקי זיין, אז די ענטשלאָ־סענהייט זיינע איז נישט מעהר ווי טעמפּקייט און אונזין? און איז דאָס מעגליך, אז צוליעב זיין ענטשלאָסענהייט האָט די קאַזנאַ ניט קיין צינזען און אויפ'ן מארק איז קיין שטיקעל פלייש און קיין פונט ברויט ניט צו קריגען?

און אזוי ווי אַ פּריץ איז ער געוועזן אַ נאַרישער, האָט איהם פון אָנפאַנג שטאַרק הנאה געטאָן, וואָס ער האָט אזאַ שפּיצעל אָפּ־געטאָן. ער האָט זיך אבער דערמאָנט אָן דעם איספּראַווניק'ס ווער־טער: „ווייסט איהר מיט וואָס דאָס שמעקט?" און ער האָט זיך אויף אַן אמת'ען דערשראָקען.

ווי געוועהנליך, האָט ער אָנגעהויבען געהן פון איין צימער אין צווייטען און געטראַכט: „טאַקי, מיט וואָס שמעקט עס?" מיעד געוואָרען אַרומשפּרייזען, זעצט ער זיך אַנידער, און אז עס ווערט איהם מיאוס צו זיצען, הויבט ער זיך אויף און נעהמט זיך ווידער אַרומשפּרייזען. צו וואָס ער נעהמט ניט צו, דאַכט זיך איהם אויס, עס זאָגט צו איהם: ס'אַרא נאַרישער פּריץ דו ביזט!"

אָט זעהט ער ווי א מייזעל לויפט ארויס פון א נאָרע און גנב'עט זיך צו די קארטען, מיט וועלכע ער האָט געשפּיעלט גראַנ־ פּאַסיאַנס, און וועלכע זיינען שוין געווען אזוי פארשמאָלצען אז זיי האָבען אויפגערייצט דעם אפּעטיט פון די מייז.

— ק־ש־ש! גיט ער זיך א וואָרף אויף דאָס מייזעל.

דאָס מייזעל איז אָבער ניט געווען קיין נאר און האָט פאר־שטאַנען, אז אָהן סענקאַ'ן קען דער פּריץ גאָר נישט טאָן. האָט עס בלויז א דרעה געטאָן מיט'ן עק אַלס אַן ענטפער צו דעם שטרענגען אויסגעשריי פון דעם פּריץ, און אין א מינוט ארום האָט עס שוין אויף איהם ארויסגעקוקט פון אונטער'ן דיוואן, אזוי ווי עס וואָלט וועלען זאָגען: וואַרט, דו נארישער פּריץ איינער! כ'וועל ניט נאָר די קארטען דיינע אויפעסען, — כ'וועל זיך נעהמען צו דיין כאַלאַט אויך, ווען דו וועסט איהם גענוג פארשמאלצעווען.

עס איז אוועק א שטיק צייט, און דער פּריץ האָט באמערקט, אז די סטעזשקעס אין גארטען זיינען פארוואקסען געוואָרען מיט בוריאַן, און אין די קוסטעס האָבען זיך פאנאנדערגעפּלאָדיעט שלאַנגען און שרצים, און אין די פּארקען וואיען ווילדע חיות. איינמאָל איז א בער צוגעקומען גאָר נאָהענט צום הויז, האָט זיך אוועקגעזעצט אויף די הינטערשטע פיס, געקוקט אין פענסטער אויפ'ן פּריץ, און זיך באַלעקט.

— סענקאַ! — האָט דער פּריץ אויסגעשריען. ער האָט זיך אָבער באַלד פארכאַפּט... און זיך צעוויינט.

אָבער ער איז געבליבען פעסט און ענטשלאָסען. עטליכע מאָל האָט ער דערפיהלט, אז ער ווערט שוואך, אז דאָס הארץ הויבט ביי איהם אָן ווייכער צו ווערען, האָט ער זיך א וואָרף געטאָן לייענען די צייטונג „וויעדאמאסטי" און איז ווידער הארט גע־וואָרען.

— ניין, כ'וועל בעסער אינגאַנצען ווילד ווערען, בעסער מיט די ווילדע חיות ארומלויפען אין וואַלד, איידער מען זאָל זאָגען, אז א רוסישער אדעליגער, קניאז אורוס קוטשום קילדיבאַיעוו האָט אָפּגעטראָטען פון זיינע פּרינציפּען.

און ער איז פארווילדעט געוואָרען. עס איז שוין אָנגעקומען דער הערבסט און עס האָט שוין אָנגעהויבען פרירען אין דרויסען,

אָבער ער האָט די קעלט ניט געפּיהלט. ער איז באַוואַקסען געוואָרען מיט האָר פון קאָפּ ביז די פיס, און די נעגעל זיינע זיינען געוואָרען הארט ווי שטאָהל. ער האָט שוין פון לאנג אויפגעהערט שנייצען די נאָז, איז געגאנגען אויף אַלע פיער און האָט זיך געחידוש'ט, ווי אזוי ער האָט דאָס פריהער ניט באַמערקט, אַז דאָס איז דער בעסטער וועג צו שפּאַצירען. ער האָט אָנגעוואָרען די פעהיגקייט צו רעדען די מענשליכע שפּראַך און האָט אנשטאַט איהר געהאַט עפּעס א מין זיפצגס־געשריי, וואָס איז געווען א צוזאַמענגוס פון פייפען, וואָיען און בילען. אָבער קיין עס איז ביי איהם ניט אויסגעוואקסען.

פלעגט ער ארויסגעהן אין פּארק, וואו ער האָט אַמאָל געצערטעלט זיין ווייס לייב, און ווי אַ קאַץ ארויפקלעטערען אויפ'ן סאַמע שפּיץ בוים און שטעהן אויף דער וואך. לויפט וואו דורך א האָז, שטעלט זיך אויף די הינטערשטע פיס און הערט זיך צו, אויב עס שטעקט ערגעץ ניט קיין געפאהר, — שפּרינגט ער אראָפּ פון בוים, פייל פון בויגען, ווארפט זיך ארויף אויפ'ן האָז, צורייסט איהם מיט די נעגעל און עסט איהם אויף מיט דער הויט און די ביינער.

און ער איז געוואָרען מורא'דיג שטארק, אזוי שטארק, אַז ער האָט זאָגאר געגלויבט, דאָס ער איז בארעכטיגט אָנצוהויבען פריינדליכע באַציהונגען מיט דעם זעלבען בער, וואָס האָט אויף איהם געקוקט אין פענסטער.

— ווילסט, — זאָגט ער צום בער, — וועלען מיר ביידע געהן כאַפּען האָזען.

— ווילען, וויל איך, פאַרוואָס ניט? אָבער אַ שאָד, ברודער, וואָס דו האָסט דעם פויער פאַרניכטעט.

— וואָס איז?

— ווייל דעם פויער איז געווען אַ סך גרינגער אויפצופרעסען ווי אַן אַדעליגען. און כ'וועל דיר זאָגען גלייך אין פּנים אריין, אַז דו ביזט א נארישער פּריץ, אפילו אויב דו ביזט מיינער א פריינד.

דער קאַפּיטאַן־איספּראַווניק האָט דערוויל ניט גערוהט. כאָטש ער האָט געהאַלטען מיט די פּריצים, אָבער פאַרשווייגען

אזא זאך, ווי דאָס פארשווינדען פון דעם פויער, דאָס האָט ער ניט געקענט און ניט געוואגט.

זיין ראפּאָרט האָט אויפגערודערט די גאנצע נאטשאַלסטוואָ פון דער גובערניע און ער האָט באקומען א פּאפּיער מיט די פאָל־גענדע פראגען : „און ווער, דענקט איהר, וועט איצט צאָהלען צינזען ? און ווער וועט טרינקען בראנפען אין די שענקען ? און ווער וועט זיך פארנעהמען מיט אומשולדיגע פארוויילונגען ?” ענטפערט דער קאפּיטאַן־איספּראַווניק אזוי : „די קאַזנאַטשייסטווע באדארף מען איצט אָפּשאַפען, און די אומשולדיגע פארוויילונגען זיינען פון זיך אַליין אָפּגעשאַפט געוואָרען, און עס האָט זיך אין אויעזד פארשפּרייט רויבעריי און מאָרד. אַנומעלטען איז אויף איהם, דעם איספּראַווניק, אָנגעפאַלען עפּעס א באַשעפעניש האַלב בער און האַלב מענש, און האָט איהם שיער ניט צוריסען אויף שטיקער. און ער, דער איספּראַווניק, האָט א פארדאכט, אז דער בער־מענש, דאָס איז טאַקע דער נארישער פּריץ, וואָס האָט אָנגע־מאכט די אַלע צרות”.

די נאטשאַלסטוואָ האָט זיך טאַקע אויף אַן אמת דערשראָקען, און מען האָט צונויפגערופען א ראַט. און דער ראַט האָט באשלאָ־סען, אז מען זאָל דעם פויער כאַפּען און אוועקזעצען צוריק אויף זיין פּלאַץ, און דעם נאר'שען פּריץ, וועלכער האָט פאראורזאכט די אַלע אונרוהען, זאָל מען אויף דעם דעליקאַטסטען אופן געבען צו פארשטעהן, אז ער מוז אוועקוואַרפען זיינע שטות'עריען און ניט שטערען דער קאַזנאַטשייסטווע צו באקומען צינזען.

עס האָט זיך גראדע געמאכט, אז צו יענער צייט איז איבער דער הויפּטשטאָדט פון דער גובערניע געפלויגען א סטייע פויערען, ערשט פון די אייער ארויסגעקאַלופּעט, און האָט באדעקט דעם גאנ־צען מארק. האָט מען זיי צוזאמענגענומען, אריינגעלעגט אין א קוישעל און אוועקגעפיהרט אין אויעזד.

און פלוצים האָט דאָרט ווידער אָנגעהויבען שמעקען מיט פּאָלאָווע און שאָפען־פעלצען ; אָבער אין דערזעלבער צייט האָט זיך אויף דעם מארק באוויזען מעהל און פלייש, און עופות, און אין איין טאָג האָט מען אריינגעקראָגען אזוי פיעל צינזען אז דער

קאזנאטשעי האט א פאטש געטאן מיט די הענד און אויסגעשריען פארוואונדערט:

— פון וואנען נעהמט איהר דאס אלעס, בעסטיעס וואס איהר זענט?

וואס זשע איז געווארען פון דעם פריץ? אויף דערויף קען איך אייך זאגען, אז מען האט איהם, נאך א סך מאטערניש, געכאפט. און באלד ווי מען האט איהם געכאפט, האט מען איהם ארומגעוואשען, אויסגעשנייצט די נאז און ארומגעשארען. דאן האט דער קאפיטאן־איספראווניק איהם אויסגע׳מוסר׳ט ווי עס באדארף צו זיין, האט ביי איהם אוועקגענומען די צייטונג „וויעדאמאסטי״, אוועקגעשטעלט אונטער סענקא׳ס אויפזיכט, און איז אוועקגעפא־רען.

ער לעבט נאך עד היום. לעגט פאנאנדער פאסיאנס, בענקט נאך זיין לעבען אין די וועלדער, וואשט זיך נאר איבער א נויט, און צייטענווייז ברומט ער ווי א בער.

# דער אמת.

(א ווייהנאכטען מעשה'לע)

א שעהנע דרשה האט דער גלח פון דארף געהאלטען לכבוד יום טוב.

„מיט פיעלע יאהר־הונדערטע צוריק, — האט ער געזאגט, — פונקט אין דעם זעלבען טאג איז אויף דער וועלט געקומען דער אמת.

„דער אמת איז אן אייביגקייט אלט. ער איז אין דעם אנהויב פון צייט געזעסען צוזאמען מיט כריסטוס דעם מענשען־ליעבהא־בער ביי דער רעכטער האנד פון פ א ט ע ר, צוזאמען מיט איהם איז ער פארקערפערט געווארען און האט אנגעצונדען אויף דער ערד זיין ליכט. ער איז געשטאנען צופוסענס ביים צלם און איז געקרייציגט געווארען צוזאמען מיט כריסטוס'ן. ער איז געזעסען אין דעם געשטאלט פון א ליכטיגען מלאך ביי זיין קבר און צוגע־זעהן זיין תחית המתים. און ווען דער מענשען־ליעבהאבער האט זיך ערהויבען אין הימעל אריין, האט ער אויף דער ערד איבערגע־לאזט דעם אמת, אלס א לעבעדיגען עדות פון זיין איבערגעבענהייט צו דעם מענשליכען מין.

„א טעות האבען די וואס באהויפטען, אז דער אמת האט ווען עס איז באהאלטען זיין פנים, אדער, נאך ערגער, אז ער איז ווען עס איז בייגעקומען געווארען פון שקר. ניין, אפילו אין יענע טרויע־ריגע מינוטען, ווען די קורצזיכטיגע מענשען האט זיך אויסגע־דאכט, אז עס הערשט און טריאומפירט דער פאטער פון ליגען, האט אין דער ווירקליכקייט געהערשט און טריאומפירט דער אמת. ער איז דער איינציגער, וואס איז ניט געווען צייטווייליג און פאר־גענגליך, דער איינציגער, וואס איז געגאנגען שטענדיג פאראויס,

צושפּרייטענדיג איבער דער וועלט זיינע פליגעל און באלייכטענדיג זי מיט זיין אייביגער ליכט. דער בלומרשטער טריאומף פון שקר איז צווייט געוואָרען, ווי אַ דריקענדער חלום, און דער אמת האָט פאָרטגעזעצט זיין גאנג.

„צוזאמען מיט די געטריבענע און די ערנידעריגטע האָט זיך דער אמת ארומגערעגלאָזט אין די היילען און אריינגעדרונגען אין די שפּאלטען פון בערג. ער איז מיט די קדושים געגאנגען צום פייער פארברענט צו ווערען, און מיט זיי זיך געשטעלט פאַר די פייניגער. ער האָט אין זייערע נשמות פאנאנדערגעבלאָזען דעם הייליגען פייער, האָט פון זיי פארטריבען די געדאנקען פון קליין־מוטיגקייט און פארראט; ער האָט זיי געלערענט צוליידען און ליעב האָבען צו ליידען.

„אומזיסט האָבען די דיענער פון דעם פאָטער פון שקר גע־דענקט, אז זיי זיינען זיעגרייך, זעהענדיג זייער זיעג אין די אוי־סערליכע סמנים פון טוידט און פייניגונג. די גרויזאמסטע שטרא־פען זיינען ניט אימשטאנד געווען צו צוברעכען דעם אמת, נאָר, פארקעהרט, האָבען פארגרעסערט זיין צוציהונגס קראפט. די דאָ־זיגע שטראפען און גזרות האָבען אָנגעצונדען די איינפאכע הער־צער, און דאָרט האָט דער אמת געפונען אַ נייעם פרוכטבארען באָ־דען צו פארזייען. די פייערען האָבען געפלאקערט און אויפגעפרע־סען די קערפּערס פון די קדושים, אָבער פון די דאָזיגע פלאמען האָ־בען זיך אָנגעצונדען אונצאָהליגע ליכט, פונקט ווי אין דער ליכטי־גער מאָרגען־דיענסט ציגדען זיך אָן די טויזענטער ליכט אין טעמפעל פון איין ברענענדיג ליכטעל.

„אין וואָס באשטעהט דער אמת, וועגען וועלכען איך רעד צו אייך? אויף דער דאָזיגער פראגע געפינט איהר אַן ענטפער אין דעם עוואנגעליום. ערשטענס זאָלסטו ליעבען גאָט און דער־נאָך דיין נאָהענטען, ווי זיך אליין. דער דאָזיגער געבאָט, קורץ ווי ער איז, שליסט אין זיך איין אין גאנצען די חכמה, און גאנצען דעם זין פון דעם מענשליכען לעבען.

„ליעב גאָט, ווייל ער איז דער געבער פון לעבען און דער מענ־שען־ליעבהאבער, ווייל אין איהם איז דער קוואל פון גוטסקייט,

פון מאראלער שעהנקייט און אמת. אין איהם איז דער אמת. אין דעם זעלבען טעמפעל, וואו עס ווערט געבראכט א בלוטיגער קרבן צו גאט, אין דעם זעלבען טעמפעל געהט אן א שטענדיגע דיענסט צום אמת. אלע ווענד זיינע זיינען דורכגעזאפט מיט דעם אמת, אזוי אז איהר, אפילו די ערגסטע פון אייך, ווען איהר געהט אריין אין טעמפעל אריין, פיעלט איהר זיך בארוהיגט און ערלייכטערט. דא, פאר דעם געקרייציגטען, שטילט איהר אייערע ליידען; דא באַ־קומט איהר רוה און טרייסט פאר אייערע באטריעבטע נשמות. ער איז געקרייציגט געווארען פון דעם אמת וועגען, און שטראהלען פון אמת האבען זיך פון א י ה ם צוגאסען איבער דער גאנצער וועלט. וועט איהר, נאך דעם, ענטמוטיגט ווערען פון די נסיונות, וואס באפאלען אייך?

„ליעב דיין נאהענטען ווי זיך אליין — דאס איז די צווייטע העלפט פון כריסטוס׳עס געבאט. איך וועל ניט רעדען וועגען דעם, אז אהן ליעבע צום נאהענטען איז געזעלשאפטליך לעבען אוממעג־ליך, איך וועל אבער זאגען, אז אט די ליעבע איז אין זיך אליין, אהן זייטיגע חשבונות, די שעהנקייט און דער יובעל פון אונזער לעבען. מיר דארפען ליעבען אונזער נאהענטען ניט צוליעב געגענזייטיג־קייט, נאר טאקע צוליעב דער ליעבע. מיר דארפען ליעבען אונאויפ־הערליך, גרייט אויף זעלבסטאויפאפפערונג, גרייט אוועקצוגעבען דאס לעבען, פונקט ווי דער גוטער פאסטוך אונזערער האט אוועק־געלעגט זיין לעבען פאר זיינע שאף.

„מיר דארפען זוכען אונזער נאהענטען צו העלפען, נישט רע־כענענדיג זיך מיט דעם, צי וועט ער אונז אומקעהרען די טובה, צי וועט ער זי ניט אומקעהר׳ען; מיר דארפען איהם באשיצען פון גע־פאהר, אפילו ווען דאס שטעלט אייך אליין אין א גרעסערער גע־פאהר. מיר דארפען פאר איהם זיך משתדל זיין פאר די הערשער פון דער וועלט, מיר דארפען פאר איהם געהן אין שלאכט. דער געפיהל פון ליעבע צום נאהענטען איז דער טייערסטער אוצר, וואס נאר דער מענש באזיצט, און וואס אונטערשיידעט איהם פון אנדע־רע לעבעדיגע מינים. אהן אט דעם לעבעדיגען גייסט זיינען אלע מענשליכע מעשים טויט, אהן איהם ווערט דער סאמע צוועק פון לעבען באטריעבט און אונפארשטענדליך. בלויז יענע מענשען לע־

בען א פולען לעבען, וועלכע פלאקערען מיט ליעבע און זעלבסט־אויפאָפפערונג; בלויז זיי ווייסען פון דער אמת'ער פרייד פון לעבען.

„לאָמיר־זשע ליעבען גאָט און אונזערע נאָהענטע, ווייל דאָס איז דער זין פון דעם מענשליכען אמת. לאָמיר איהם זוכען און געהן אין זיינע וועגען. לאָמיר ניט מורא האָבען פאר די שטרויכלונגען פון שקר, נאָר לאָמיר זיין גוט און זיי אנטקעגענשטעלען דעם אמת. דער שקר וועט צו שאַנד געשטעלט ווערען און דער אמת וועט פארבלייבען און דערוואַרעמען די הערצער פון די מענשען.

„באלד וועט איהר צוריקגעהן אין אייערע היימען און וועט זיך פרעהען איבער דעם יום טוב פון דעם געבורט פון גאָט און מענשען־ליעבהאבער, אָבער אין אייערע פריידען זאָלט איהר ניט פארגעסען, אז צוזאַמען מיט איהם איז געקומען אויף דער וועלט דער אמת, אז צו יעדער שעה, צו יעדער מינוט איז ער מיט אייך און צווישען אייך און אז ער שטעלט מיט זיך פאָר דעם הייליגען פייער, וואָס באלייכט און דערוואַרעמט דאָס מענשליך לעבען".

ווען דער גלח האָט געענדיגט און דער כאָר האָט גענומען זינגען: „געבענשט זאָל זיין גאָט'ס נאָמען", האָט זיך א טיעפער זיפץ דורכגעטראָגען איבער דער קירכע, אזוי ווי דער גאַנצער עולם וואָלט מיט דעם זיפץ נאָכגעזאָגט: „געבענשט זאָל ער זיין".

אָבער פון אלע אנוועזענדע האָט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט זיך צוגעהערט צו פאטער פאַוועל'ס ווערטער דער צעהן־יעהריגער זוהן פון אַן ערד־באזיצערין, סיעריאזשא רוסלאַנצעוו. צייטענווייז האָט ער זאָגאַר ארויסגעוויזען סמנים פון אינערליכער אויפרעגונג: זיינע אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט טרעהרען, זיינע באַקען האָבען געפלאַמט, און אליין האָט ער זיך מיט דעם גאַנצען קערפּער אָנגעבויגען פאָראויס, אזוי ווי ער האָט געוואָלט עפּעס ברעגען.

מאַריא סערגעיעוונא רוסלאַנצעווא איז געווען א יונגע אלמנה און האָט אין דאָרף גופא געהאַט א קליינעם הויף. אין דער צייט פון לייב־אייגענטהום זיינען אין דאָרף געווען גאַנצע זיבען הויפען, ניט ווייט איינער פון דעם אנדערען. די לאַנד־באזיצער זיינען אלע געווען קליינע, ; פעדאָר פאַוולאָוויטש רוסלאַנצעוו איז געווען

דער אָרימסטער פון זיי. ער האָט געהאַט דריי פּויערשע הויפן און אַ צענדליק הויף־לייט. נאָר אַזוי ווי מען האָט איהם כמעט אימער אויסגעוועהלט צו פאַרשידענע עמטער, האָט ער אָנגעזאַמעלט אַ קליינעם קאַפּיטאַל. ווען די באַפרייאונג איז געקומען האָט ער, אַלס קליינער לאַנד־באַזיצער, באַקומען אַ לגאַטנעם אויסקויף, און אָנגעהענדיג מיט זיין ערד־ווירטשאַפט אויף דעם קליינעם שטיקעל ערד, וואָס מען האָט איהם באַשטימט, האָט ער ווי עס איז געלעבט פון טאָג צו טאָג.

מאַריא סערגעיעוונא האָט פאַר איהם חתונה געהאַט אַ לאַנגע צייט נאָך דער באַפרייאונג פון די פּויערים, און אין אַ יאָהר אַרום איז זי שוין געווען אַן אלמנה. פּעדראָ פּאַוולאָוויטש האָט, רייד־טענדיג, באַקוקט זיין שטיקעל וואַלד; דער פערד האָט זיך פאַר עפּעס דערשראָקען, איהם אַרויסגעוואָרפען פון זאָטעל, און ער האָט זיך צושפּאָלטען דעם קאָפּ אָן אַ בוים. אין צוויי חדשים אַרום איז ביי דער יונגער אלמנה געבוירען געוואָרען אַ זוהן.

געלעבט האָט מאַריא סערגעיעוונא מעהר ווי באַשיידען. זי האָט אויפגעגעבען די ערד־ווירטשאַפט, האָט פאַרדונגען איהר שטיקעל לאַנד, און פאַר זיך האָט זי איבערגעלאָזט דעם הויף מיט אַ קליין פּיצעל ערד, אויף וועלכען זי האָט איינגעפלאַנצט אַ קליינעם סאַד און איינגעאָרדענט אַ גאָרטען. איהר גאַנצער לעבעדיגער ווירטשאַפטס־אינווענטאַר איז באַשטאַנען פון איין פערד און דריי קיה, און איהר דינערשטאַפּט — פון איין פאַמיליע געוועזענע הויף־לייט, איהר אַלטע ניאַנקע מיט איהרע צוויי קינדער — אַ טאָכטער און אַ פאַרהייראַטער זוהן. די ניאַנקע האָט אַכטונג געגעבען אויפ׳ן הויז און געפּעשטשעט דעם קליינעם סיעריאָזשאַ; די טאָכטער איז געווען די קעכין; דער זוהן און די שנור האָבען אַכטונג געגעבען אויף די בהמות, די עופות, האָבען באַאַרבייט דעם גאָרטען, א. ז. וו. דאָס לעבען איז געפלאָסען רוהיג און שטיל. קיין נויט האָט זיך ניט געפיהלט; האַלץ און די וויכטיגסטע לע־בענס־מיטעל זיינען געווען ניט געקויפטע, און אויף געקויפטע זאַכען איז כמעט קיין נאַכפראַגע ניט געווען. די מיטגלידער פון דעם הויזגעזינד האָבען זיך געפיהלט ווי אין גן עדן. מאַריא סער־געיעוונא אַליין האָט אויך פאַרגעסען, אַז עס איז דאָ ערגעץ אַ

אנדער לעבען (זי האט עס געזעהן בלויז דורך די פענסטער פון דעם אינסטיטוט, אין וועלכען זי איז ערצויגען געווארען). בלויז סיעריאזשא האט איהר צייטענווייז באאונרוהיגט. צוערשט איז ער גוט געוואקסען, נאר ווען ער איז געווארען א יאהר זיבען, האט ער אנגעהויבען ארויסווייזען סמנים פון עפעס א קרענקליכער עמפפינדליכקייט.

דאס איז געווען א פארשטענדליכער אינגעל, א שטילער, אבער צו דערזעלבער צייט א שוואכער און קרענקליכער. ווען ער איז אלט געווארען זיבען יאהר, האט איהם מאריא סערגעיעוונא אוועקגעזעצט פאר'ן ביכעל. צוערשט האט זי מיט איהם אליין געלערנט, און דערנאך, ווען ער איז געווארען נאהענט צו צעהן יאהר, האט פאטער פאוועל אויך אן אנטייל גענומען אין זיין בילדונג. גערעכענט האט מען אריינגעבען סיעריאזשא'ן אין גימנאזיע, און עס האט זיך געפאדערט איהם באקאנט צו מאכען אם ווענינסטען מיט די עלעמענטען פון די אלטע שפראכען. די צייט האט זיך דערנעהנט, ווען מאריא סערגעיעוונא האט זיך געדארפט צושיידען מיט איהר זוהן, און זי איז ארומגעגאנגען א צומישטע. בלויז פאר דער פרייז פון צושיידונג איז מעגליך געווען צו דערגרייכען די ערציהונגס-צוועקען. די הויפט שטאדט פון דער גובערניע איז געווען ווייט פון דארף, און זיך אריבערקלייבען אהין מיט זעקס-זיבען טויזענד רובעל איינקונפט א יאהר איז געווען אונמעגליך.

זי האט זיך וועגען סיעריאזשא'ן דורכגעשריבען מיט איהר ברודער, וועלכער האט געוואוינט אין דער הויפטשטאדט, פארנעהמענדיג א נישט-וויכטיגען אמט, און האט מיט עטליכע טעג צוריק געקראגען א בריעף, אין וועלכען דער ברודער איהרער האט איינגעשטימט צו נעהמען סיעריאזשא'ן צו זיך אין הויז.

נאך דעם ווי זיי זיינען געקומען פון קירכע און זיך אוועקגעזעצט טרינקען טיי, איז סיעריאזשא נאך אלץ געווען אין אן אויפגערודערטען צושטאנד.

— איך וויל לעבען לויט'ן אמת, מאמעלע, — האט ער עטליכע מאל איבערגע'חזיר'ט.

— יא, מיין טייבעלע, די וויכטיגסטע זאך אין לעבען איז דער

אמת, — האָט איהם די מוטער בארוהיגט. — אָבער דיין לעבען האָט זיך נאָך ניט אָנגעהויבען. קינדער קענען ניט לעבען אַנדערש ווי לויט׳ן אמת.

— ניין, ניט אַזוי וויל איך לעבען ; דער גלח האָט געזאָגט, אַז דער וואָס לעבט לויט דעם אמת, דאַרף באַשיצען דעם נאָהענטסטען פון אונגערעכטיגקייטען און עולות. אָבער איך לעב דען אַזוי ? אָט האָט מען אַנומעלטען ביי איוואַן דעם אָרימען פאַרקויפט די קוה — האָב איך זיך דען פאַר איהם אָנגענומען ? איך האָב בלויז געקוקט און געוויינט.

— אָט אין די טרעהרען דיינע באַשטעהט טאַקע דיין קינדערשער אמת. דו האָסט קיין אַנדער זאַך ניט געקאָנט טאָן. פאַרקויפט האָט מען איוואַן׳ס קוה פאַר חובות, לויט׳ן געזעץ. עס איז דאָ אַזאַ געזעץ, אַז יעדער איינער מוז באַצאָהלען זיינע חובות.

— מאַמע, אָבער איוואַן האָט ניט געקאָנט באַצאָהלען. ער האָט געוואָלט, אָבער ער האָט ניט געקאָנט. און די ניאַנאַ זאָגט אויך, אַז ער איז דער אָרימסטער אין דאָרף. וואָס־זשע איז דאָס פאַר אַן אמת ?

— איך זאָג דאָך דיר, עס איז דאָ אַ געזעץ אַזאַ, און אַלע מוזען דעם געזעץ פאָלגען. ווען מענשען לעבען אין אַ געזעלשאַפט, האָבען זיי קיין רעכט ניט צו פאַרנאַכלעסיגען זייער פליכטען. דו טראַכט בעסער וועגען דיין שטודיום, — דאָס איז דיין אמת. וועסט אריין אין גימנאַזיע, וועסט זיין פלייסיג, וועסט זיך אויפפיהרען אַנשטענדיג — און דאָס וועט מיינען, אַז דו לעבסט לויט׳ן אמת. איך האָב ניט ליעב, ווען דו ווערסט אַן אויפגערעגטער. וואָס דו הערסט, און וואָס דו זעהסט — נעהמסטו דאָס זיך צום הארצען. פאָטער פאַוועל האָט גערעדט אין אַלגעמיין ; אין קירכע קען מען אַנדערש ניט רעדען, און דו ווילסט שוין דאָס אַלעס צו זיך צופאַסען. בעט גאָט פאַר דיין נאָהענטסטען — מעהר וויל פון דיר קיינער ניט.

אָבער סיערויאזשא האָט זיך ניט בארוהיגט. ער איז אוועק אין קיך, וואו די דינערשאַפט זיינען געוועזען פאַרזאַמעלט און געטרונקען טיי, לכבוד יום טוב. די קעכין סטעפאַנידאַ האָט זיך

געפּאַרעטביים אויוועז, און מיט אַן אויוועז־גאָפּעל געהאַלטען אין איין אַרויסשלעפּען טעפּ און זיי צוריק אַריינרוקען.

— ניאַניאַ, איך וועל לעבען לויט׳ן אמת! — האָט סיעריאָזשאַ ערקלערט.

— זעה נאָר ווי פריה ער הויבט דאָס אָן! — האָט די ניאַניאַ אַ שפּאַס געטאָן.

— ניין, ניאַניאַ, איך האָב זיך געגעבען דאָס וואָרט: איך וועל שטאַרבען פאַר דעם אמת און זיך דעם שקר ניט אונטערגעבען.

— אַה, מיין טייבעלע, וואָס דיר קריכט אין קאָפּ אַריין!

— האָסטו דען ניט געהערט, וואָס דער פּאַטערל האָט געזאָגט אין קירכע? פאַר דעם אמת דאַרף מען אוועקלעגען דאָס לעבען. יעדער איינער דאַרף געהן אין קאַמף פאַר׳ן אמת!

— נו, אודאי, וואָס דען זאָגט מען אין קירכע? אויף דאַרויף איז דאָך דאָס אַ קירכע פאַראַן, מען זאָל דאָרט רעדען וועגען פרומע און יושר׳דיגע זאַכען. אָבער דו, טייערינקער, הער זיך איין און האָב שכל פאַר זיך אויך!

— אז מען וויל לעבען מיט דעם אמת דאַרף מען זיך פריהער גוט אַרומקוקען, — האָט דער אַרבייטער גריגאָרי באַמערקט.

— פאַראוואָס, אַ שטייגער, טרינק איך און די מאַמע טיי אין עס־צימער, און איהר אַלע — אין קיך? איז דאָס דען יושר׳דיג? — האָט זיך סעריאָזשאַ געהיצט.

— צי יושר׳דיג, צי ניט, — אַזוי פיהרט זיך עס פון זינט די וועלט שטעהט. מיר זיינען פּראָסטע מענשען, און אונז איז אין קיך אויך גוט. ווען אַלע וואָלטען אַוועק אין עס־צימער אַריין, וואָלט מען ניט געקענט געווענליך צימערען אָנגרייטען.

— אָט וואָס איך וועל דיר זאָגען, סערגעי פּיאָדאָראָוויטש, — האָט גריגאָרי זיך ווידער אַמאָל אַריינגעמישט. — ווען דו וועסט אויסוואַקסען — זיץ וואו דו ווילסט; ווילסטו — אין עס־צימער, און ווילסטו — אין קיך. אָבער אַזוי לאַנג ווי דו ביזט קליין — זיץ מיט דער מאַמען, — קיין בעסערען אמת וועסטו אין דיינע יאָהרען ניט געפינען. אָט וועט דער גלח קומען אויף וואַריי־מעס, וועט ער דיר אויך דאָס זעלבע זאָגען. מ י ר קענען זיך טאָן אַלערליי זאַכען — זיך גריבלען אין דער ערד און אַכטונג

געבען אויף די בהמות, אָבער פאַר פריצים איז דאָס קיין ארבייט ניט. אָט אזוי!

— אָבער דאָס איז דאָך ניט דער אמת!

— און לויט אונזער שכל איז עס אזוי: ווען די פריצים זיי־נען גוטע און האָבען רחמנות אויף זייערע לייט איז דאָס זייער אמת. און ווען מיר, ארבייטער, דיענען די פריצים געטריי, סטאַרען זיך פאַר זיי און נאַרען זיי ניט אָפּ — דאָס איז אונזער אמת. א דאנק כאָטשבע פאַר דעם, וואָס יעדערער היט אָפּ זיין אמת.

אויף א מינוט זיינען אַלע אנשוויגען געוואָרען. סיעריאַזשא האָט, קענטיג, געוואָלט איהם אָפּענטפּערען, אָבער גריגאָרי׳ס ארגו־מענטען זיינען געווען אזוי גוטמוטיג, אז ער איז א ווייל געשטאַנען אין פארלעגענהייט.

— אין אונזערע געגענדען, — האָט די ניאַניא איבערגעריסען די שטילקייט, — פון וואַנען איך מיט דיין מאַמען זיינען געקומען צופאָהרען, איז געווען א פריץ ראַזסאָשניקאָוו. צווערשט האָט ער געלעבט מיט לייטען גלייך, אָבער פּלוצים האָט זיך איהם פארוואָלט לעבען לויט׳ן אמת. און וואָס־זשע האָט ער ענדליך געטאָן? גענומען און פארקויפט זיין מאַיאָנטעק, צוטיילט דאָס געלד צו אָרימע לייט און אַליין אוועק וואַנדערען... און זייט דאַן האָט מען איהם מעהר ניט געזעהן.

— אה, נאַניא, אָט דאָס איז א מענש!

— און דערווייל דיענט ביי איהם א זוהן אין פּעטערבורג אין פּאָלק! — האָט די ניאַניא צוגעזעצט.

— דער פאטער האָט זיין מאַיאָנטעק אוועקגעגעבען, און דער זוהן איז געבליבען ביי גאָרניט... גיט א פרעג דעם זוהן, צי עס שמעקט איהם זיין טאַטען׳ס אמת? — האָט גריגאָרי געזאָגט.

— האָט דען דער זוהן אָבער ניט פארשאַנען, אז זיין פאטער האָט געהאַנדעלט לויט דעם אמת? — האָט סיעריאַזשא געפרעגט.

— געוויס האָט ער דאָס ניט פארשטאַנען, און האָט אפילו גרעפּרואַווט זיך לאָדען. צו וואָס, זאָגט ער, האָט ער מיך אין פּאָלק אריינגעגעבען, אויב איך האָב ניט מיט וואָס זיך אויפצוהאַלטען?

— אין פּאָלק אריינגעגעבען... איך האָב ניט מיט וואָס זיך

אויפצוהאַלטען... — האָט סיעריאזשא מאַשינעל נאָכגעזאָגט נאָך גריגאָרי'ן, פארפלאָנטעט אין די דאָזיגע טענות.

— איך געדענק אויך אַ פאַל אזא, — האָט גריגאָרי פאָרגע־זעצט. — ביי אונז אין דאָרף האָט זיך פון דעם זעלבען ראַזסאָשני־קאָוו אָנגעשטעקט איינער א פויער — מאַרטינאָוו. אויך צוטיילט אין גאנצען זיין געלד צו די אָרימע לייט, איבערגעלאָזט בלויז א שטיבעל פאַר זיין פאמיליע, און אליין האָט ער אָנגעטאָן א טאָרבע און איז ביינאכט אַוועק וואוהין די אויגען האָבען איהם געטראָ־גען. אָבער ער האָט פארגעסען א פאספאָרט מיטצונעמען, און אין א חודש ארום האָט מען איהם מיט'ן עטאַפּ געבראכט צו פיהרען א היים.

— פאַר וואָס? ער האָט דעם אימיצען שלעכטס געטאָן? — האָט סיעריאזשא פראָטעסטירט.

— צי שלעכטס, צי ניט שלעכטס, — ניט וועגען דעם רעד איך, נאָר וועגען דעם, אז ווען מען לעבט לויט'ן אמת, דאַרף מען זיך גאַנץ גוט ארומקוקען. אָהן א פאספאָרט קען מען ניט געהן, — און קיינע טענות. אז ניט, וועלען זיך אַלע אזוי צולויפען, אוועק־ווארפען די ארבייט, און מען וועט זיך פון די וואַגאַבונדען ניט קענען אָפּטשעפּען.

געענדיגט טרינקען טהיי, האָבען זיך אַלע אויפגעשטעלט און גאָט געדאַנקט.

— נו, איצט וועלען מיר עסען וואַרימעס, — האָט די ניאַניא געזאָגט. געה, טייבעלע, צו דער מאַמען, פאַרברענג מיט איהר; באַלד וועט מסתמא דער גלח קומען מיט דער גלח'טע.

ארום צוויי א זייגער איז געקומען פאָטער פּאַוועל מיט זיין פרוי.

— פאָטערעל, איך וויל לויט'ן אמת לעבען! איך וועל פאַר'ן אמת אין קאַמף געהן!

— אוי, סאַראַ קעמפער! קוים פון דער ערד אויסגעוואַקסען און קלייבט זיך שוין אין קאַמף! — האָט דער גלח געשפּאַסט.

— ער איז מיר שוין דערעסען, א גאַנצען טאָג רעדט ער איינס און דאָס זעלבע, — האָט מאַריא סערגעיעוונאַ געזאָגט.

— עס מאַכט ניט, מאַדאַם, ער וועט אָפּרעדען און פאַרגעסען.

— ניין, איך וועל ניט פארגעסען ! — איז סעריאָזשאַ באַשטאַנען אויף זיינעם. איהר האָט דאָך אַנומעלטען אַליין געזאָגט, אַז מען דאַרף לויט׳ן אמת לעבען. אין קירכע האָט איהר דאָס געזאָגט.

— אויף דאַרויף איז דאָס אַ קירכע, אַז מען זאָל דאָרט וועגען אמת פּרעדיגען. אויב איך, דער גייסטליכער פּאַסטוך, וועל ניט ערפילען מיינע פליכטען, וועט די קירכע אַליין מיך דערמאָנען וועגען זיי.

— אָבער ווי אַזוי דאַרף מען לעבען ?

— לעבען דאַרף מען אויך לויט׳ן אמת. אָט אַז דו וועסט אַ גרויסער ווערען, וועסטו דעם אמת פאַרשטעהן אין זיין פולער מאָס, און דערווייל איז פאַר דיר גענוג דער אמת, וואָס איז צו דיינע יאָהרען צוגענגליך. ליעב דיין מאַמען, האָב דרך ארץ פאַר עלטערע, לערען זיך פלייסיג, פיהר זיך אויף אַנשטענדיג — אָט דאָס איז דיין אמת.

— אָבער די מאַרטירער... איהר האָט אַנומעלטען אַליין געזאָגט.

— עס זיינען געוועזן מאַרטירער אויך. פאַר׳ן אמת דאַרף מען אויך ליידען אויסשטעהן. אָבער פאַר דיר איז נאָך צו פריה וועגען דעם צו דענקען.

— מאַרטירער... פייערען... — האָט סיעריאָזשאַ געמורמעלט אַ צומישטער.

— זאָל זיין גענוג ! — האָט מאַריאַ סערגעיעוונאַ אויף איהם אונגעדולדיג אַ געשריי געטאָן.

סיעריאָזשאַ איז אַנשווייגען געוואָרען, און ביים וואַרימעס איז ער די גאַנצע צייט געזעסען אַ פאַרטראַכטער. די עלטערע האָבען ביים טיש גערעדט וועגען וואָכעדיגע דאָרפס־זאַכען. איין מעשה האָט געפאָלגט נאָך דער צווייטער, און ניט אַלע מאָל איז פון זיי געוועזן קלאָר, אַז דער אמת האָט טריאומפירט. אייגענטליך איז אין זיי ניט געוועזן ניט קיין אמת און ניט קיין שקר, נאָר געוועהנליכער לעבען אין די פאָרמען און מיט דעם אונטערשלאַק, צו וועלכע אַלע זיינען צוגעוועהנט פון יאָהרען און יאָהרען. סעריאָזשקאַ האָט טויזענד מאָל געהערט אָט די אַלע זאַכען, און

קיינמאָל האָבען זיי איהם ניט אויפגערעגט. אָבער דעם מאָל האָט עפּעס נייעס דורכגעדרונגען זיין וועזען און איהם גערייצט און גערעגט.

— עם ! — האָט איהם די מאַמע געצוואונגען, זעהענדיג, אז ער עסט כמעט גאָרניט.

— א י ן ק אָ ר פּ אָ ר ע ס א נ אָ מ ע נ ס ס א נ א ,
— האָט פון זיין זייט דער גלח צוגעזעצט. — פאָלג די מאַמע, און דו וועסט מיט דעם אם בעסטען באווייזען אז דו ליעבסט דעם אמת. ליעב האָבען דעם אמת דאַרף מען, אָבער זוכען פון זיך מאַכען א מאַרטירער — דאָס איז שוין אַן עבירה.

ווען ער האָט דעם גלח דערהערט נאָך אמאָל רעדען וועגען אמת, איז סעריאָזשא געוואָרען נאָך אונרוהיגער ; ער האָט זיך צוגעבויגען צום טעלער און געפּרואווט עסען, אָבער פּלוצים האָט ער אויסגעבראָכען אין א געוויין. אלע זיינען אויפגעשפּרונגען און איהם ארומגערינגעלט.

— דאָס קעפּעלע טוט דיר וועה ? — האָט איהם מאַריא סערגעיעוונא געפרעגט, אַן אומרוהיגע.

— יא, ס'טוט וועה, — האָט ער געענטפערט אין א שוואַכער שטים.

— נו, געה לעג זיך אין בעטעלע אריין, געה. ניאניא, לעג איהם שלאָפען.

מען האָט איהם אוועקגענומען. דער וואַרימעס איז אויף עטליכע מינוט איבערגעריסען געוואָרען, ווייל מאַריא סערגעיעוונא האָט ניט אויסגעהאַלטען און איז אַרויס פון צימער באַלד נאָך דער ניאַניא. אָבער זיי זיינען באַלד צוריקגעקומען און ערקלערט, אז סיעריאָזשא איז אנשלאָפען געוואָרען.

— ס'איז גאָרנישט, ער וועט זיך אויסשלאָפען, וועט איהם גאָר ניט זיין, — האָט פאָטער פּאַוועל בארוהיגט מאַריא סערגעיעוונא.

צום אָבענד צו איז זיין קאָפּווערטאָג נישט פאַראיבער, און דאָס קינד האָט געקראַנקען היץ. סיעריאָזשא האָט זיך ביי-נאַכט עטליכע מאָל אויפגעזעצט אין בעט, אַן אומרוהיגער, א דערשראָ־

קענער און געטאפּט מיט די הענד נעבען זיך, אזוי ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט.

— מארטין... מיט׳ן עטאפּ, פאר׳ן אמת... וואָס איז דאָס אזוינס?... — האָט ער געדעדט פון היץ.

— וואָס פאר א מארטין דערמאָנט ער? — האָט מאריא סערגעיעווונא א פארוואונדערטע, זיך געווענדעט צו דער ניאניא.

— געדענקט איהר ניט, ביי אונז אין דאָרף... א פויער גע־ווען... איז אוועק בעטלען... אנומעלטען האָט גריגאָרי וועגען איהם דערצעהלט, און סיעריאזשא איז דערביי געווען.

— נאָר איהר דערצעהלט נארישקייטען! — איז מאריא סערגעיעוונא אין כעס געוואָרען. מען טאָר גאָר צו אייך דאָס קינד ניט לאָזען.

אויף דעם צווייטען טאָג נאָך דער פריהמאָרגען גאָטעס־דיענסט, האָט זיך דער גלח פרייוויליג אונטערנומען צו פאָהרען אין שטאָדט אריין נאָך א דאָקטאָר. צו דער שטאָדט איז געווען א ווערסט פערציג, אזוי, אז מען האָט דעם דאָקטאָר געקאָנט ערוואַרטען ערשט שפּעט ביינאכט. און דער דאָקטאָר איז דערצו געווען אן אלטינקער, האָט ווייניג וואָס פארשטאנען, האָט קיין אנדערע מיטלען ניט פארשריבען א חוץ אפּאדעלדאָק, וועלכען ער האָט געגעבען אי אויף צו שמירען, אי אויף איינצונעהמען. אין שטאָדט האָט מען וועגען איהם געזאָגט: „ער גלויבט ניט אין מעדיצין און גלויבט ניט אין אפּאדעלדאָק”.

ארום עלף א זייגער ביינאכט איז דער דאָקטאָר געקומען. ער האָט באטראכט דעם חולה, א טאפּ געטאָן דעם דופק און ערקלערט, אז ער האָט „אביסעל היץ”. דאן האָט ער געהייסען איינרייבען דעם פּאציענט מיט אפּאדעלדאָק און איהם אויך געבען איינשלינגען צוויי קייקעלאך פון דעם זעלבען מיטעל.

— היץ אביסעל האָט ער, אָבער איהר וועט זעהן, דער אפּא־דעלדעק וועט עס ביי איהם ווי מיט דער האנד אוועקנעהמען, — האָט ער געזאָגט סאליד.

מען האָט דעם דאָקטאָר געגעבען עסען און א פּלאַץ צום שלאָפען, און סיעריאזשא האָט זיך א גאנצע נאכט געוואָרפען און געברענט ווי אין א פייער.

עטליכע מאָל האָט מען דעם דאָקטאָר אויפגעוועקט, אָבער ער האָט ווידערהאָלט די דאָזעם אפּאדעלדאָק און פארזיכערט, אז ביז אין דער פריה „וועט עס ביי איהם ווי מיט דער האנד אַוועק־גענומען".

סיעריאזשא האָט גערעדט פון היץ און האָט געהאַלטען אין איין מורמלען וועגען כריסטוס, ראזסאָשניקאָוו, מארטין, און האָט געטאַפּט מיט די הענד און געפרעגט: „וואו? וואו?... פאר־טאָג־צו האָט ער זיך אָבער בארוהיגט און איז איינגעשלאָפען.

דער דאָקטאָר איז אַוועקגעפאָהרען, זאָגענדיג „אָט זעהט איהר דאָך". מען האָט איהם געפּרואווט פארהאַלטען, אָבער ער האָט פארזיכערט, אז אויף איהם ווארטען אין שטאָדט אנדערע פּאַ־ציענטען.

א גאנצער טאָג איז פארביינעגאנגען צווישען שרעק און האָפ־נונג. אזוי לאנג ווי אין דרויסען איז געווען ליכטיג, האָט זיך דער חולה געפיהלט בעסער, אָבער ער איז געווען אזוי שוואך, אז ער האָט כמעט גאָרנישט ניט גערעדט. ווען עס איז פינסטער געוואָרען, האָט זיך ביי איהם ווידער אמאָל ענטוויקעלט היץ, און דער דופק האָט גענומען קלאַפּען שנעלער. מאריא סערגעיעוונא איז געשטאנען ביים בעטעל אין שטילען טויט־שרעק, האָט געזוכט עפּעס צו פארשטעהן און האָט ניט פארשטאנען.

דעם אפּאדעלדעק האָט מען אַוועקגעוואָרפען; די ניאניא האָט סיעריאזשא'ן צוגעלעגט צום קאָפּ קאָמפּרעסען פון עסיג, האָט איהם געלעגט גארטשיצע־פּלאַסטערס, האָט איהם געגעבען טרינקען ליפּאווע טהיי, — מיט איין וואָרט, — האָט אָנגעווענדעט אלע מיטלען, פון וועלכע זי האָט געהערט און וועלכע זיינען געווען צום האַנד.

א זייגער אכט אין אבענד איז אויפגעגאנגען די לבנה, און אזוי ווי די פאָרהאנגען האָט מען פארגעסען ארונטערצולאָזען, האָט זיך אויף דער וואנד באקומען א גרויסער ליכטיגער פלעק. סיעריאזשא האָט זיך אויפגעהויבען און אויסגעשטרעקט די הענד צו דעם פלעק.

— מאמא, — האָט ער געפליסטערט, — זעה! אין גאנצען אין ווייסען... דאָס איז כריסטוס... דאָס איז דער אמת... נאָך איהם... צו איהם...

ער איז צוריק א מאל געטאָן אויף דעם קישען, האָט סינדעריש א כליפע געטאָן און איז געשטאָרבען.

דער אמת האָט פאר איהם א פינקעל געטאָן און אָנגעפילט זיין וועזען מיט גליק. אָבער דאָס שוואכע הארץ פון דעם אינגעל האָט ניט אויסגעהאלטען דעם אינפלוס און האָט געפלאצט.

# דער פקח דער פיסקאר.

אמאָל איז געווען אַ פיסקאר. זיין טאטע־מאמע זיינען ביידע געווען קלוגע פיש; האָבען זיך אָפּגעלעבט זייערע יאָהרען אין טייך און האָבען זיך אויסגעדרעהט אי פון דעם העכט'ס מאָרדע אי פון דעם יויך־טאָפּ. און דעם זוהן זייערען האָבען זיי אויך אָנגע־זאָגט זיך צו היטען די ביינער. „דער הויפט, מיין זוהנדעל, האָט דער אלטער פיסקאר געזאָגט פאר'ן טוידט, — אויב דו ווילסט לע־בען אויף דער וועלט, טאָ קוק מיט ביידע אויגען!“

און דער יונגער פיסקאר האָט געהאַט שכל אָהן אַ שיעור. האָט אָנגעהויבען זיך ארומקוקען ווי עס האלט אויף דער וועלט און איז געקומען צום שלום, אז וואוהין ער זאָל זיך ניט אַ דרעה טאָן איז ער אָן אויסגעשפּיעלטער. ארום און ארום שווימען אַלץ גרויסע פיש און ער איז דער קלענסטער פון אלעמען. יעדער פיש קען איהם איינשלינגען און ער קען קיינעם ניט איינשלינגען. און אַ חוץ דעם פארשטעהט ער ניט צו וואָס אין גאנצען שלינגען? דער ראַק קען איהם מיט זיין שער אויף צווייען צושניידען, די וואסער־פליי קען זיך איינזויגען אין זיין רוקען־ביין און איהם אויף טויט פארמוטשען. אפילו זיין אייגענער ברודער־פיסקאר איז איהם אויך אַ שונא. טאָמער כאַפּט ער אַ קאמאר גיבען זיך אויף איהם אַ וואָרף אַ גאנצע כאָפּטע פיסקארען און ווילען ביי איהם דעם ביסען פון מויל ארויסרייסען. און אז מען רייסט שוין ביי איהם ארויס דעם קאמאר נעהמען זיי זיך ארומרייסען צווישען זיך און צופּליקען דעם קאמאר אויף שטיקלעך, ניט מיר, ניט דיר.

און דער מענש? ס'אַ בייזוויליג באַשעפעניש דאָס איז! וועלכע שפּיצלאך טראַכט ער ניט אויס אום איהם, דעם פיסקאר, אומברייגנען אומזיסט און אומנישט? וואָלאָקען, נעצען, יאַטערעס, און די אודקע! אַ פּאָדים, אויף דעם פּאָדים אַ העקעלע, אויף דעם

העקעלע — א ווערימעל אָדער א פליעג אָנגעטשעפעט, און ווי אַנ־געטשעפעט? אויף אן אומנאטירליכסטען אופן, מעג מען זאָגען. און דאָך כאפט מען די פיסקארעס אויף דער אודקע, מער ווי מיט אלע אנדערע כלי משחיתים.

דער אלטער טאטע זיינער פלעגט איהם ניט איין מאָל ווארע־נען: „היט זיך פאר דער אודקע מעהר ווי פאר אלצדינג", פלעגט ער זאָגען, „ווארים כאָטש דאָס איז א נארישע מאכערייקע, איז אָבער מיט אונז פיסקארעס, וואָס נארישער אלץ בעסער. מען גיט אונז א ווארף א פליעג, אזוי ווי מען וואָלט אונזער טובה אויסען געווען. נו, דו זויגסט זיך איין אין דער פליעג — און גענוג! דיין לעבען איז שוין קיין שפיי ניט ווערט."

דער אלטער האָט אויך דערצעהלט ווי ער איז איינמאָל שיער־שיער אין דער יויך־טאָפּ ניט אריין. א גאנצע באנדע מענשען האָ־בען זיך דאמאָלט אויף זיי אָנגעזעצט, מען האָט צושפרייט א נעץ איבער דער גאנצער ברייט פון טייך און זיי געשלעפּט גאנצע צוויי ווערסט. ס׳א שרעק וואָס פיש מען האָט דאן געפאקט! העכט אָקעניעס, גאָלאָווליעס, פלאטעצעס, האָלצעס, און אפילו די לעש־טשעס, די פוילענצער האָט מען פון דעם סאמע זומפּיגען באָדען ארויסגעשלעפּט! און פיסקארעס זיינען דאָרט געווען אָהן א שיעור. און ס׳ארא שרעק ער איז דאָס אויסגעשטאַנען בעת מען האָט זיי געשלעפּט אין דער נעץ! נישט צו דערצעהלען און נישט צו באַ־שרייבען. ער פיהלט, אז מען פיהרט איהם, און וואוהין — ווייסט ער ניט. ער קוקט זיך ארום: פון איין זייט שווימט א העכט, פון דער אנדערער — א אָקען. טראכט ער זיך: אָט־אָט וועט מען איהם איינשלינגען, צי דער צי יענער. אָבער ניין. מען טשעפּעט איהם ניט... „וועמען איז דאָס געלעגען אין קאָפּ עסען?" יעדען עגבערט אין מוח איין זאַך — א סוף! דער טוידט איז געקומען! פאַר וואָס, פאר ווען, ווי אזוי — דאָס ווייסט קיינער ניט. ענדליך האָט מען אָנגעהויבען צוגויפנעהמען די נעץ, מען האָט זיי ארויסגעשלעפּט אויף דעם ברעג און גענומען זיי ווארפען אויפ׳ן גראָז. און דאָ האָט ער זיך דערוואוסט וואָס עס איז אזוינס פיש־יויך. אויפ׳ן זאמד צאפּעלט זיך עפּעס רויטס. גרויע וואָלקענס זעצען פון דעם און צי־העז זיך ארויף צו. ס׳איז געווען אזוי היים, אז איהם איז נישט גוט

געוואָרען. עס האָט איהם אזוי אויך געהאַדעט אויף ברעכען, אָהן וואסער, און דאָ נאָך די היץ. „א פייער", הערט ער ווי מען זאָגט, און אויף דעם „פייער" אויף דעם האָט מען אוועקגעשטעלט עפּעס א שווארצע זאַך, פול מיט וואסער, און די וואסער דאָרט ווארפט זיך ווי די גזערע אין צייט פון שטורם. דאָס איז א „קעסעל", זאָגט מען. ענדליך האָט איינער אויסגעשריען: ווארף די פיש אין „קעסעל" אריין. מיר'ן האָבען פיש־יויך! נו, האָט מען אָנגעהויבען ווארפען אונזערע חברה־לייט. נעהמט א מענש א פיש אין האנט, גיט איהם א שטויס אין קעסעל אריין — טוקט זיך דער פיש צוערשט אונטער, שפּרינגט דערנאָך ארויס, ווי פון זינען געריהרט, טוקט זיך ווידער אונטער און ווערט שטיל. פארזוכט א ביסעל יויך, הייסט עס. מען האָט געווארפען און געווארפען די פיש אין „קעסעל" אריין, גאָהן א צאָהל און אָהן א שיעור. איינער אן אלטינקער האָט איהם אויך אויפגעהויבען, האָט אויף איהם א קוק געטאָן און זאָגט אזוי: „וואָס טויג אזא שנעק פאר פיש־יויך! זאָל ער אין טייך אונטערוואקסען!" האָט איהם גענומען פאר די זשאַברעס און איהם אין טייך אריינגעווארפען. און ער איז נישט געווען קיין יאָלד, האָט פארריסען דעם עק און אוועק אהיים, פייל פון בויגען! איז געקומען אהיים, און די פיסקאריכע זיינע קוקט ארויס פון דער גאָרע מעהר טוידט ווי לעבעדיג.

דאכט זיך גוט? איז וויפיעל דער אלטער האָט דאן ניט דערצעהלט וועגען פיש־יויך, וואָס עס איז אזוינס, און אין וואָס דאָס באשטעהט, האָט מען נאָך ביז היינט צו טאָג ניט קיין געהעריגען באגריף וועגען דעם ענין.

אָבער ער, דער יונגער פיסקאר, האָט זיך גיט אריינגעשלאָגען אין קאָפּ דעם טאַטענ'ס עצה. „מען דארף קוקען מיט ביידע אויגען, — האָט ער צו זיך געזאָגט — א ניט קען מען נאָך אומקומען!" און זיך גענומען איינאָרדנען זיין לעבען. צום אַלעם ערשטען האָט ער פאר זיך אויסגעקלערט אזא מין נאָרע, וואָס נאָר ער אליין זאָל אין איהר קענען אריין, און קיין אַנדערער — בשום אופן ניט. א גאַנץ יאָהר האָט ער מיט דעם נאָז געגראָבען די דאָזיגע נאָרע. און ס'אָרא שרעקען ער איז אויסגעשטאַנען! וואו ער האָט געטאָגט דאָרט האָט ער ניט גענעכטיגט, געלעגען נעכט אין זומפּ, אין טשע־

רעט און וואו ניט. אָבער ענדליך האָט ער די נאָרע אויסגעגראָבען.
און אַרויסגעקומען איז זי ווי מען דאַרף ניט בעסער: ריין, אקוראט — פונקט געגוג פאר איינעם.

צווייטענס האָט ער וועגען זיין לעבען באשלאָסען אזוי: ביי־נאכט, ווען מענשען, חיות, פויגעל און פיש שלאָפען וועט ער ארויס אויף שפאציר, און בייטאָג וועט ער לינען אין זיין נאָרע און צי־טערען. אָבער אזוי ווי עסען דארף מען דאָך, און קיין געהאַלט באַ־קומט ער ניט, און קיין דיענסטען האָט ער ניט, וועט ער ארויס פון דער נאָרע ארום מיטאג, ווען די פיש זיינען שוין זאט, און אויב גאָט וועט געבען וועט ער אפשר כאפען א פליגעלע אדער צוויי. און אויב ניט, וועט ער צוריק אוועק אין נאָרע, און וועט ווידער ליגען און ציטערען. ווארים עס איז בעסער ניט עסען און ניט טרינקען איידער פאר א זאטען מאָגען מיט דעם לעבען באצאָהלען.

און אזוי האָט ער זיך טאקע געפיהרט. ביינאכט האָט ער שפאצירט, זיך געבאָדען אין לבנה־ליכט, און בייטאָג איז ער זיך פארקראָכען אין זיין נאָרע אריין און האָט געציטערט. בלויז מיטאָג צייט פלעגט ער ארויסלויפען עפעס א כאפ טאָן, אָבער וואָס קען מען, מישטיינס געזאָגט, קריגען מיטאג־צייט? דאָס איז א צייט, ווען דער קאמאר באהאלט זיך פון דער היץ אונטער א בלאט, און די פליגעלעך פארקריכען אונטער דער קאָרע. א שלונג געטאָן אביסעל וואסער — און גענוג!

ליגט ער טאָג איין טאָג אויס אין זיין נאָרע, דערשלאָפט ניט, דערעסט ניט און האלט אין איין זאָרגען: „דאכט זיך איך לעב נאָך? אָה, וואָס וועט זיין מאָרגען?"

דרעמעלט ער איין, א זינדיגע נשמה, חלומ׳ט זיך איהם, אז ער האָט א לאטערעע־בילעט און אז ער האָט געוואונען צוויי הונ־דערט טויזענד. אויסער זיך פון גליק דרעהט ער זיך איבער אויף דער צווייטער זייט, — און ער זעהט, אז א האלבע מאָרדע זיינע איז ארויסגעשטעקט פון דער נאָרע... ווען א העכט וואָלט א שטיי־נער פארבייגעשוואומען, וואָלט ער איהם דאָך פון דער נאָרע ארויס־געשלעפט!

איינמאָל האָט ער זיך אויפגעכאפט און זעהט: פונקט אנט־קעגען זיין נאָרע שטעהט א ראַק. שטעהט באוועגלאָז, ווי א פאר־

גליווערטער, און שטשירעט אויף איהם מיט זיינע ביינערנע אוי־
גען. בלויז די וואָנצעס באַוועגען זיך נאָך דעם וואַסער־פּלוס. איז
ער דאָס דאַן אויסגעשטאַנען אַ בּיסעל שרעק! אַ גאַנצען האַלבען
טאָג, ביז עס איז ניט פינסטער געוואָרען, האָט דער ראַק איהם גע־
היט, און ער האָט געהאַלטען אין איין ציטערען.

אַ צווייטען מאָל פאַרטאָג, נאָר וואָס ער איז צוריקגעקומען
אין זיין נאָרע און האָט זיס אַ גענייץ געטאָן איידער ער האָט זיך
געלעגט שלאָפען, דערזעהט ער — עס שטעהט אַ העכט נעבען דער
סאַמע נאָרע און מיט אָנגעשטעלטע ציינער. ער האָט איהם אויך אַ
גאַנצען טאָג געהיט, אַזוי ווי ער וואָלט זאַט זיין בלויז קוקענדיג
אויף איהם. אָבער דער פּיסקאַר אונזערער האָט דעם העכט אָפּגע־
טאָן — נישט אַרויס פון דער נאָרע, און געה רוף איהם קנאַק־
ניסעל.

און ניט איין מאָל און ניט צוויי מאָל האָט דאָס מיט איהם
פּאַסירט, נאָר כמעט אַלע טאָג. און אַלע טאָג האָט ער דעם שונא
ביינעקומען און אַלע טאָג האָט ער אויסגערופען: „אַ דאַנק דיר,
רבונו של עולם, איך לעב!"

אָבער דאָס איז ניט גענוג: ער האָט ניט חתונה געהאַט, האָט
קיין קינדער ניט געהאַט, כאָטש דער טאַטע זיינער האָט געהאַט אַ
גרויסע משפּחה. ער האָט צו זיך אַזוי גע'טענה'ט: „דער טאַטע
האָט געקענט לעבען שפּילענדיג. אין זיינע יאָהרען זיינען אי די
העכט געוועזן בעסער אי די אַקענעס האָבען זיך אויף אונז קליינ־
וואַרג ניט געקוואַפּעט. און אַפּילו אַז ער איז איינמאָל שיער ניט
אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין דער פיש־יויך, האָט זיך אויך געפונ־
נען אַן אַלטיטשקער, וואָס האָט איהם געראַטעוועט דאָס לעבען.
אָבער היינט, אַז אין די טייכען איז פאַראַן וועניג פיש זיינען מיר,
פּיסקאַרען, אויך געוואָרען אָנגעזעהענע לייט. טאָ ווי קען מען דאָס
טראַכטען פון אַ פאַמיליע? איינעם אַליין קומט דאָס לעבען אויך
אָן מיט מאַטערניש."

און דער קלוגער, פּראַקטישער פּיסקאַר האָט זיך אָפּגע־
לעבט אַריבער הונדערט יאָהר. אַלץ געציטערט און געציטערט.
האָט ניט קיין פריינד, קיין קרובים. ניט ער געהט צו וועמען, ניט
ווער צו איהם. אין קאָרטען שפּיעלט ער ניט, קיין בראַנפען

טרינקט ער ניט, קיין טאבאק רויכערט ער ניט ,נאָך מיידלעך יאָגט ער זיך ניט, — ציטערט בלויז און טראכט זיך: „דאנקען גאָט, דאכט זיך איך לעב".

אפילו די העכט האָבען איהם ענדליך אויך אָנגעהויבען לויבען: „אָט ווען אלע וואָלטען אזוי געלעבט וואָלט אין טייך שטיל גע־ווען!" אָבער דאָס האָבען זיי אומיסנע אזוי גערעדט, — האָבען געמיינט אז ער וועט זיך אויף דעם לויב אָפּרופען, וועט קומען און זיך פאָרשטעלען — דאָס בין איך, הייסט עס. אָבער ער האָט זיך פון דער דאָזיגער פּאסטקע אויך אויסגעדרעהט, און האָט מיט זיין פּראקטישען שכל אויף דעם מאָל בייגעקומען זיינע שונאים.

וויפיעל יאָהרען עס זיינען פאָראיבער נאָך די הונדערט יאָהר ווייס מען ניט, אָבער דער אלטער, פּראקטישער פּיסקאר האָט אָנגע־הויבען געהן בארג אראָפּ — קרוב למיתה. ליגט זיך אין זיין נאָרע און טראכט: „דאנקען גאָט, איך שטארב מיט מיין אייגענעם טויט, ווי מיין טאטע־מאמע זיינען געשטאָרבען". און ער האָט זיך דער־מאָנט אָן די העכט'ס ווערטער: „ווען אלע וואָלטען אזוי געלעבט ווי דער קלוגער, פּראקטישער פּיסקאר"... נו, טאקי, וואָס וואָלט דאן געווען?

ער האָט אָנגעהויבען קלעהרען — שכל האָט ער דאָך געהאט אָהן א שיעור — און פּלוצים האָט איהם ווי עמיצער שטיל א זאָג געטאָן: „אזוי וואָלט דאָך דער גאנצער פּיסקארען־מין שוין לאנג פאַרשוואונדען!"

ווייל אום דער פּיסקארען־מין זאָל אָנהאלטען דארף מען קודם כל האָבען א פאמיליע, און ער האָט ניט קיין פאמיליע. אָבער דאָס איז נאָך וועניג. אום די פּיסקארען־פאמיליע זאָל פאַרשטארקט ווערען און בליהען איז עס נויטיג, אז איהרע מיטגלידער זאָלען זיין געזונד און מונטער, אז זיי זאָלען ערצויגען ווערען אין זייער אייגענער סביבה, און ניט אין א נאָרע, וואו ער איז כמעט בלינד געוואָרען פון דער אייגענער פינסטערניש. עס איז נויטיג, אז די פּיסקארען זאָלען באַקומען גענוג נאַהרונג, אז זיי זאָלען ניט זיין אָפּגעזונדערט פון דער געזעלשאפט, אז זיי זאָלען איינע צו די אנ־דערע צו גאַסט געהן, זיך איינע פון די אנדערע לערנען גוטע מידות און מעלות. ווייל נאָר אזא לעבען קען פאַרפאָלקאָמען דעם פּיסקארען

מין און פּארהיטען ער זאָל ניט איבערגעפּיהרט, געזונקען ווערען.

ניט גערעכט זיינע די, וואָס דענקען, אז בלויז יענע פּיסקאַ־רען קענען פארעכענט ווערען פאר ווירדיגע בירגער, וועלכע ליגען אין זייערע נאַרעס, האַלב־משוגע פון שרעק, און ציטערען. ניין, דאָס זיינען ניט קיין בירגער, נאַר, לכל הפחות, נוצלאָזע פּיסקארען. קיינעם איז פון זיי ניט קאַלט און ניט ווארעם, קיינעם טוען זיי ניט אָן קיין כבוד און קיין אום־כבוד — פארנעמען אומזיסט פּלאַץ אויף דער וועלט און נעהמען אוועק עסען ביי לייטישע פיש.

דאָס אלעס איז ביי איהם אין קאָפּ אויפגעשטאנען אזוי בולט און קלאָר, אז איהם האָט אָנגענומען א ליידענשאַפטליכער חשק ארויסצוקריכען פון זיין נאַרע און זיך דורכשווימען איבער דעם טייך ווי א שוואַן. אָבער ווען דער דאָזיגער געדאנק איז איהם נע־קומען אויף דעם מוח האָט ער זיך ווידער דערשראָקען. און, ציטע־רענדיג, האָט ער אָנגעהויבען אויסגעהן. געלעבט געציטערט און שטארבט ציטערענדיג.

זיין גאַנץ לעבען איז מיט אמאָל פאר זיינע אויגען פארביי־געגאנגען. וועלכע פריידען האָט ער געהאט? וועמען האָט ער גע־טרייסט? וועמען האָט ער מיט אן עצה געהאָלפען? וועמען א גוט וואָרט געזאָגט? וועמען האָט ער צוגעלאשטשעט, דערוואַרימט, בא־שיצט? ווער האָט געהערט פון איהם? ווער וועט וועגען איהם א וואָרט דערמאנען?

און אויף די אלע פראגען האָט ער געמוזט ענטפערען: קיי־נעם, קיינער.

ער האָט געלעבט און געציטערט — דאָס אלעס. אפילו איצט: דער טויט איז ביי איהם אויפ'ן שפּיץ נאָז, און ער ציטערט אלץ, ער ווייסט אליין ניט פארוואָס. אין זיין נאָרע איז פינסטער. ענג, ניטאָ וואו זיך א ריהר טאָן; קיין זונען־שטראַהל קוקט קיינ־מאָל אהין ניט אריין, קיין ווארימקייט פיהלט זיך דאָרט ניט. און ער ליגט אין אָט דער פייכטער פינסטערניש, א בלינדער, אן אויס־געצעהרטער, א נוצלאָזער; ליגט און וואַרט, אז דער הונגעריגער טויט זאָל איהם איינגאַנצען באפרייען פון זיין נוצלאָזען לעבען.

ער הערט ווי נעבען זיין נאָרע שווימען פארביי אנדערע פיש, אפשר טאַקי אזוינע פּיסקארעס ווי ער אליין, — און קיינער איז־

טערעסירט זיך מיט איהם ניט. קיינעם וועט אויף דעם זינען ניט אַרויף אַריינגעהן און פרעגען ביים אַלטען פּראַקטישען פּיסקאַר, ווי אַזוי איהם האָט זיך איינגעגעבען צו לעבען אַריבער הינדערט יאָהר, ווי אַזוי ער האָט זיך אויסגעדרעהט אי פון דעם ראַק׳ס שער אי פון דעם פישער׳ס אודקע. שווימען זיך פאַרביי און ווייסען אפשר גאָר ניט, אז אין יענער נאָרע פאַרענדיגט דער פּראַקטישער פּיסקאַר זיין לעבענס־גאַנג.

און, וואָס איז פאַרדריסליכער פון אַלצדינג, ער הערט ניט, אז מען זאָל איהם רופען קלוגער, פּראַקטישער פּיסקאַר. מ׳זאָגט פּשוט: „האָט איהר געהערט וועגען דעם גולם וואָס עסט ניט און טרינקט ניט, און זעהט קיינעם ניט, און געהט צו קיינעם ניט, נאָר האַלט אין איין ציטערען איבער זיין נודנע לעבען? און פילע רו־פען איהם פּשוט שוטה און חידוש׳ן זיך ווי אַזוי דער טייך דולדעט אַזוינע טויגעניכצען.

געטראַכט זיך אַזוי, זיך צוגעהערט און געדרעמעלט; ס׳הייסט, ניט געדרעמעלט, נאָר פּשוט גע׳גוסס׳ט. אין זיינע אויערען האָט געקלונגען, איבער׳ן גאַנצען קערפּער האָט זיך צונאָסען עפּעס אַ מאַטקייט. און דער זיסער חלום פון אַמאָל האָט זיך איהם ווידער גע׳חלומ׳ט — ער האָט געוואונען צוויי הונדערט טויזענט, איז אויסגעוואַקסען אַ האַלבען אַרשין און שלינגט אַליין העכט. און ווייל דאָס האָט זיך איהם גע׳חלומ׳ט האָט זיך זיין מאָרדע ביסלעכ־ווייז אינגאַנצען פון דער נאָרע אַרויסגערוקט.

און פּלוצים איז ער פאַרשוואונדען. וואָס מיט איהם האָט גע־טראָפען — צי אַ העכט האָט איהם איינגעשלונגען, צי אַ ראַק האָט איהם מיט זיין שער אויף צווייען צושניטען, צי ער איז געשטאָר־בען מיט זיין אייגענעם טויט און איז אַרויפגעשוואומען אויף דער פלאַך — קיין עדות זיינען ביי דערביי ניט געווען. גיכער פון אַלעם איז ער אַליין געשטאָרבען, ווייל וועלכער העכט וועט דאָס איינ־שלינגען אַ קראַנקען, גוסס׳דיגען פּיסקאַר, און דערצו נאָך אַ פּראַק־טישען?

# דער באראן וואס האָט פארלוירען דעם זכרון.

די היימישע באראנען זיינען פון פארצייטיגע יאהרען
פארשקלאפט ביים מענשען; ווער זייערע אמת'ע אור־
עלטערען זיינען געווען, ווייסט מען ניט. — ברעם.

צי די היימישע באראנען זיינען ווען עס איז געווען פריי —
דאָס פארשווייגט די געשיכטע. אין דער טיעפסטער פארגאנגענ־
הייט האבען שוין די פאטריארכען געהאט גאנצע טשערעדעס בא־
ראנען, און פון דאן אָן, דורך אלע יאהרהונדערטע, איז דער באראן
פארשפרייט איבער דער ברייט און דער לענג פון דעם ערד־קוגעל
און איז באוואוסט אלס א חיה, וואס איז אזוי ווי באשאפען געווא־
רען פאר דעם מענשליכען געברויך. דער מענש, פון זייט זייט,
ברענגט ארויס נייע מינים באראנען, וואס האבען איינער מיט דעם
צווייטען כמעט קיין שייכות ניט. איינע האדעוועט ער פאר זייער
פלייש, אנדערע — צוליעב זייער פעטס; אייניגע מינים שטעלען
צו ווארימע פעלצען און אנדערע — ווייכע וואהל.

די היימישע באראנען אליין ווייסען, נאטירליך, ווייניגער פאר
אלעמען וועגען זייערע אור־עלטערען; זיי ווייסען בלויז, אז זיי
געהערען צו דעם מין, אין וועלכען דער מאמענט פון זייער געבורט
האט זיי געטראפען. דער דאזיגער מאמענט איז דער אויסגאנגס־
פונקט פון דעם באראן'ס פערזענליכער געשיכטע; אבער אפילו אָט
דער מאמענט ווערט פארדונקעלט וואס ווייטער דער באראן טרעט
אריין אין די עלטערע יאהרען און פאר אן אמת'ן בעל שכל ווערט
פארדעכענט נאר יענער באראן, וואס געדענקט וועגען גארניט א חוץ
גראז, היי און שטרוי, וואס מען לעגט פאר איהם אוועק צום עסען.

אבער פון אן אומגליק און אן עברה איז קיינער ניט באווארענט.
האט זיך אמאל א באראן אוועקגעלעגט שלאפען און עס האט

זיך איהם גע׳חלומ׳ט א חלום. ווייזט אויס, אז ניט וועגען גראָז אליין האָט ער גע׳חלומ׳ט, ווייל ער איז אויפגעשטאַנען אַן אומרוהיגער און האָט לאַנג מיט די אויגען עפּעס געזוכט.

ער האָט אָנגעהויבען זיך דערמאָנען, וואָס עס איז אזוינס פאָר־געקומען. אָבער — כאָטש הרג׳ע איהם — האָט זיך אָן גאָרנישט ניט געקאָנט דערמאָנען. עפּעס א ווייטקייט, ארומגעזוימט מיט א זילבערנער ליכטיגקייט — און מעהר גאָרנשט. בלויז אַן אומבאַ־שטימטער געפיהל פון יענער פאָרמלאָזער זילבערנער ווייטקייט איז געבליבען אין איהם, אָבער קיין איין באַשטימטער שטריך, קיין איין לעבעדיגער געשטאַלט...

— שאָף! העי, שאָף! וואָס האָט זיך מיר אזוינס גע׳חלומ׳ט?

— האָט ער א פרעג געטאָן די שאָף, וואָס איז געלעגען נעבען איהם, און וועלכער, ווי יעדער אמת׳דיגע שאָף, עס האָבען זיך קיינמאָל קיין חלומות ניט גע׳חלומ׳ט.

— שלאָף און רעדט ניט קיין נאַרישקייטען, — האָט די שאָף געענטפערט ברוגז. — ניט צוליעב דעם האָט מען דיך געבראַכט פון יענער זייט ים, אז דיר זאָלען זיך חלומ׳ען חלומות און זאָלסט סטראַיען מאָדעס!

דער באַראַן איז געווען אַן ענגלישער מערינאָס פון א טייערער פאַראָדע. דער לאַנד־באַזיצער איוואַן סאָזאָניטש ראַסטאַקאָווסקי האָט פאַר איהם גרויסע געלטען געצאָהלט און האָט פון איהם זעהר פיעל ערוואַרטעט. אָבער וואָס אמת איז אמת — ער האָט איהם ניט צוליעב דעם פון יענער זייט ים געבראַכט צו פיהרען, אז פון איהם זאָל זיך אָנהויבען א דור פון קלוגע באַראַנען, נאָר צו־ליעב דעם, אז ער זאָל פאַר זיין בעל הבית באַשאַפען א טשערעדע דין־וואָהליגע שאָף.

און די ערשטע צייט נאָכדעם ווי ער איז אָנגעקומען, האָט זיך דער באַראַן ערוואָרבען זעהר א גוטען נאָמען. ער האָט וועגען גאָר־נישט ניט געקלערט, זיך מיט קיין זאַך ניט אינטערעס׳רט, און האָט אפילו ניט פאַרשטאַנען, וואוהין און צוליעב וואָס מען האָט איהם געבראַכט. האָט זיך געלעבט ווי עס באַדאַרף צו זיין, און דאָס אַלעס. און וואָס איז שייך דער פראַגע, וואָס איז אזוינס א באַראַן, וואָס זיינען זיינע רעכטע און פליכטען, האָט אונזער באַראַן ניט נאָר

ניט פארשפרייט קיין פּראָפּאַגאַנדע וועגען דער אנגעלעגענהייט,— ער האָט אליין קוים פארדעכטיגט, אז אזוינע פראגען קענען אויפ־רודערען באראנישע מוחות. אָבער גראדע דאָס האָט איהם געהאָל־פען צו מאַן זיין באראנישע ארבייט אזוי פינקטליך און געוויסענ־האפט, אז איוואן סאזאָנטיטש האָט פון איהם גאָר אָנגעקוואָלען און האָט די שכנים איינגעלאַדען דעם באראָן צו באוואונדערען: זעהט, ס'אַראַ בראַווער באַראָן דאָס איז!

און מיט אמאָל אָט דער חלום... וואָס דאָס איז געווען פאַר א חלום האָט דער באַראָן ניט געקאָנט פארשטעהן. ער האָט אָבער געפיהלט, אַז אין זיין לעבען איז אריינגעדרונגען עפּעס אויסערגע־וועהנליכעס, עפּעס אַן אומרוה־גקייט, א בענקעניש.

דאכט זיך דער שטאָל זיינער איז דער זעלבינער ,דאָס עסען זיינס איז דאָס זעלבע, און די סמאַדע שאָף, וואָס מען האָט איהם אוועקגעגעבען צו פארפאָלקאָמען, איז אויך די זעלבע, אָבער ער פיהלט, ווי דאָס אַלעס געהערט זיך מיט איהם ניט אָן. געהט ארום איבער'ן שטאָל ווי א צוטראָקענער און בלעקעט:

„וואָס האָט זיך מיר אזוינס גע'חלומ'ט? גיט מיר צו ערקלע־רען, וואָס האָט זיך מיר אזוינס גע'חלומ'ט?”

אָבער די שאָף האָבען ניט ארויסגעוויזען די מינדעסטע סימ־פּאַטיע מיט זיין אונרוהיגקייט און האָבען אפילו, נישט אָהן גיפ־טיגקייט, איהם גערופען חכם און פילאָזאָף, וואָס אויף דער שאָפען שפּראך איז דאָס גאָר נישט קיין קליינע באליידיגונג.

זינט דער באראָן האָט אָנגעהויבען חלום'ען חלומות, האָבען די שאָף מיט בימערקייט זיך דערמאָנט אָן דעם פשוט'ען, בעל־הבית'ישען באראָן, וועלכער האָט פריהער איבער זיי געוועלטיגט פיער יאָהר נאָכאַנאַנד. נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויסגעדיענט האָט מען איהם באשטימט אין קיך אריין, און פון דאָרטען איז ער פאר־לאָרען געגאַנגען מען ווייסט ניט וואוהין (מען האָט נאָר געזעהן, ווי מען האָט איהם מיט גרויס פאראד פון קיך אויף א שיסעל צום בעל הבית אין הויז אריינגעטראָגען). דאָס איז געווען אן אמת'ער, געטרייער באראָן! קיינע חלומות האָבען זיך איהם ניט גע'חלומ'ט, קיינע זאכען האָבען איהם ניט באאונרוהיגט, נאָר ער האָט זיך געטאָן זיין פליכט לויט אַלע באראנישע דינים, און האָט פון קיין

אנדער זאַך ניט געוואָלט וויסן. טאָ, גיה טוה! האָט מען דעם אַלטן, געטרייען דיענער אָפּגעשאַפט און אויף זיין פּלאַץ באַשטימט עפּעס א ליידיגגעהער, א טרוימער, וועלכער בלעקעט טאָג און נאכט, דער שווארצער יאָהר ווייסט וואָס, און זיי, די שאָף, געהן דערוויל ארום יאַלעווע!

— אַט דער ענגלישער גולם הויבט אונז ניט אָן צו פאַרפאַלקאַמען, — האָבען זיך די שאָף באַקלאָגט פאַר דעם שאָף־מאַן ניקיטע. — מיר וועלען נאָך אפשר פאַר אַט דעם יאָלד דארפען איוואַן סאזאָניטשען אָפּגעבען דין וחשבון!

— באַרוהיגט זיך, טייערינקע, — האָט זיי ניקיטע געטרייסט, — מאָרגען וועלען מיר איהם אָפּשערען און דערנאָך מיט קראָפּיווע אָפּשמייסען. ער'ט ווערען א זיידענער!

אָבער ניקיטע האָט א טעות געהאט. מען האָט דעם באַראָן אָפּגעשאָרען און אָפּגעשמיסען, און אין דער זעלבער נאכט האָט זיך איהם ווידער א חלום געחלום'ט.

פון דאַן אָן האָבען איהם די חלומות ניט פאַרלאָזען. נאָר וואָס ער בויגט אונטער די פיסלעך אונטער זיך, ווי אויף איהם פאַלט ארויף א שלאָף, אַלץ איינס, צי דאָס איז בייטאָג צי ביינאכט.

און ווי נאָר ער מאכט צו די אויגען, ווערט ער ווי איבערגעאַנדערשט, און זיין פּנים פאַרלירט דעם באַראַנישען אויסזעהן און ווערט ערנסט, שטרענג, ווי ביי א רעכט־דענקענדען פּויער, פון די וואָס מען האָט אַמאָליגע יאָהרען גערופען „מיניסטאָרען". און יעדער איינער, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען, פלעגט ניט פאַרפעהלען צו זאָגען: „זיין פּלאַץ איז ניט אויף דעם הינטערשטען הויף — איהם וואָלט מען געדאַרפט מאַכען פאַר א בורגמייסטער!"

אָבער וויפיעל ער האָט זיך ניט אָנגעשטרענגט צו דערמאָנען וואָס איהם האָט זיך נאָר וואָס גע'חלום'ט, איז זיין מיה אַלץ געווען אַן אומזיסטע.

ער האָט געדענקט, אַז אין חלום זיינען פאַרביי איהם פאַרבייגעגאַנגען לעבעדיגע געשטאַלטען און אפילו גאנצע בילדער, וואָס האָבען איהם אריינגעבראַכט אין א צושטאַנד פון התלהבות, אָבער אַזוי שנעל ווי ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, זיינען די בילדער און געשטאַלטען פאַרשוואונדען ערגעץ, און ער איז ווידער געווען א

געוועהנליכער באַראָן. דער איינציגער אונטערשיד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס פריהער פלעגט ער מוטיג געהן אנטקעגען זיין באַראָנישער ארבייט און פליכטען, און איצטער געהט ער ארום ווי א דערשלאָגענער, זוכט עפּעס און ווייסט ניט וואָס. א באַראָן און נאָך א מעלאַנכאָליקער — וואָס נאָך א חוץ א מעסער קען איהם ערוואַרטען אין דער צוקונפט?

אָבער א חוץ דער פּערספּעקטיווע פון א מעסער, איז די לאַגע פון דעם באַראָן אַזוי אויך געווען א פּיינליכע. עס איז ניטאָ קיין ערגערער וועהטאָג, ווי דאָס מאַכטלאָזע רייסען זיך פון אַן אויפגערודערטער נשמה פון דער פינסטערניש צו דער ליכטיגקייט. אָנגעגריפען פון א פלוצימדיגער דורשט נאָך פאַרמלאָזע טרוימען, צאַפּעלט זיך דאָס אָרימע, געפּלאָגטע באַשעפעניש און ווערט אָן די כחות, ניט קענענדיג באַשטימען ניט דעם כאַראַקטער פון די טרוימען און האָפנונגען און ניט זייער קוואַל. עס פיהלט, אַז זיין האַרץ איז אַרומגעכאַפּט פון א פלאַם־פייער, און ווייסט ניט פון וואָס דער פייער האָט זיך אָנגעצונדען; עס פיהלט, נעבעלהאַפט, אַז די וועלט ענדיגט זיך ניט מיט די ווענט פון שטאַל, אַז אריבער די דאָזיגע ווענט עפענען זיך אויף ליכטיגע פיעל־פאַרביגע פּערספּעקטיווען; עס האָט א פאַר־געפיהל פון ליכט, ברייטקייט, רוים, פרייהייט, און קען זיך ניט געבען קיין ענטפער אויף דער פראַגע: וואָס איז אַזוינס ליכט, רוים, פרייהייט...

וואָס אָפטער דעם באַראָן האָבען זיך גע'חלום'ט חלומות, אַלץ מעהר איז זיין אומרוהיגקייט געשטיגען. פון קיינעם האָט ער ניט געקראָגען ניט קיין מיטלייד און ניט קיין ענטפער. די שאָף האָבען זיך אין שרעק געטוליעט איינע צו די אנדערע ווען ער פלעגט נאָהענט פאַרבייגעהן. דער שאָף־מאַן ניקיטאַ האָט, קענטיג, עפּעס יאָ געוואוסט, אָבער ער האָט עקשנות'דיג געשוויגען. דאָס איז געווען א קלוגער פויער, וועלכער האָט די באַראָנען־אָנגעלעגענהייטען געוואוסט דורך און דורך און האָט אנערקענט בלויז איין אקסיאָמע, וועלכע אַלע באַראָנען מוזען נאָכקומען:

—ביזטו געבאָרען געוואָרען אין דעם באַראָנען־שטאַנד, — האָט ער גע'טענה'עט, — טאָ לעב ווי א באַראָן!

אָבער גראד אָט די אקסיאָמע האָט דער באַראָן ניט געקאָנט נאָכקומען. אָט טאַקי דער „שטאַנד" זיינער האָט איהם גע־פּלאָגט. ניט דערפאַר, וואָס איהם האָט זיך שלעכט געלעבט, נאָר דערפאַר וואָס, זינט ער האָט אנגעהויבן חלום׳ען, האָט זיך איהם אַלע מאָל אויסגעדאַכט עפּעס אַן אַנדער „שטאַם".

ער איז ניט געווען אימשטאַנד צו רעפּראָדוצירען זיינע חלומות, אָבער זיינע אינסטינקטען זיינען געווען אַזוי אויפגע־רעגט, אַז ניט קוקענדיג אויף דער אומבאַשטימטקייט פון דער ביינקעניש וואָס האָט אַנגעפיהלט זיין לעבען, האָט ער זיך געגען איהר שוין קיין עצה ניט געקאָנט געבען.

דאָך האָט זיין אונרוהיגקייט מיט דער צייט גענומען אַנשוויגען ווערען, און ער איז דאַכט זיך זאָגאַר געוואָרען ניכטערער און מעהר סאָליד. אָבער די דאָזיגע באַרוהיגונג איז ניט געווען דער רעזולטאַט פון אַ ניכטערען באַשלוס אַריינצוטרעטען צוריק אין זיין פריהערדיגער באַראָנישער קאַלעע, נאָר, פאַרקעהרט, עס איז געווען דער רעזולטאַט פון דער אַלגעמיינער אָפּגעשוואַכטקייט פון דעם באַראָנ׳ס אָרגאַניזם.

דער באַראָן איז געשלאָפען טאָג און נאַכט, קענטיג, מיט אַן אַבזיכט, אַזוי ווי ער וואָלט זוכען אין שלאָף אָט די זיסע איבער־לעבונגען, וועלכע די ווארהייט האָט זיך ענטזאָגט פאַר איהם צו רעפּראָדוצירען...

צו דער זעלבער צייט איז ער מיט יעדען טאָג געוואָרען אַלץ שוואַכער און שוואַכער, און איז ענדליך אַזוי אויסגעדאַרט גע־וואָרען, אַז די נאַרישע שאָף, ווען זיי האָבען איהם דערזעהן, האָ־בען אָנגעהויבען שפּאָטיש זיך שושקען צווישען זיך. און וואָס מעהר די זאָנדערבאַרע חלומות האָבען זיך אין איהם פאַרשפּרייט, אַלץ מעהר באַזינגט איז זיין פּנים געוואָרען. די שאָף־לייט האָבען אַלע ווי איינער אויף איהם רחמנות געהאַט. אַלע האָבען זיי געוואוסט, אַז ער איז אַן עהרליכער, אַ גוטער באַראָן, און אַז אויב ער האָט ניט ערפילט דעם בעל הבית׳עס האָפנונגען, איז דאָס ניט געווען זיין שולד, נאָר דאָס איז געווען דערפאַר וואָס איהם האָט געטראָפען עפּעס אַ טיעפער אומגליק, וועלכער איז גאַרניט אין דער נאַטור פון באַראָנען און וועלכער — אַלע האָבען

דאָס אינסטינקטיוו געפיהלט — טהוט איהם, דעם באַראָן, אָן א פערזענליכען כבוד.

איוואַן סאזאָניטש אליין האָט געהאט מיטלייד מיט דעם באַראָן. נית איינמאָל האָט דער שאָף־מאַן איהם געגעבען אָנ־צוהערעניש, אז דער מעסער וואָלט געוועזן די בעסטע לייזונג פון אזא געהיימניספולער געשיכטע, אָבער ראַסטאַקאָווסקי האָט זיך ענטזאגט די דאָזיגע עצה צו פאָלגען.

— אין ד'ערד מיין געלד, — האָט ער געזאגט, — אָבער נית דערפאַר האָב איך דאָס באַצאָהלט, אז איך זאָל זיך באַנוצען מיט זיין פעל. זאָל ער שטאַרבען מיט זיין אייגענעם טוית.

און אָט איז דער באַגעהרטער מאָמענט פון דער ענטפלעק־קונג געקומען. איבער די פעלדער האָט געשימערט א וואַרימע, פון לבנה־ליכט באַגאָסענע יוני־נאַכט. א טיפע שטילקייט האָט געהערשט ארום און ארום. נית נאָר די מענשען זיינען פאַר־שוואונדען און אנשווייגען געוואָרען, — די גאַנצע נאַטור איז ווי פאַרגליווערט געוואָרען אין א צויבערענדער פאַרגאַפטקייט.

אין דעם באַראַנען־הויף איז אַלעס געשלאָפען. די שאָף, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, האָבען געדרעמעלט נעבען פּלייט. דער באַראָן איז געלעגען איינער אליין אין מיטען הויף. פּלוצים איז ער, אויפגעשפּרונגען אָן אומרוהיגער, האָט אויסגעגלייכט די פיס אויסגעצויגען דעם האַלז, אויפגעהויבען דעם קאָפּ און א ציטער געטאָן מיט'ן גאַנצען קערפּער. אין דער דאָזיגער וואַרטענדיגער פּאָזע איז ער געשטאַנען עטליכע מינוט, אזוי ווי ער וואָלט זיך אין עפּעס איינגעהערט און איינגעקוקט, און דאַן האָט זיך א שרעקליך־ערשיטערענדער געשריי ארויסגעריסען פון זיין ברוסט.

דערהערט די דאָזיגע אנגסט־געשרייען, זיינען די שאָף אויפגעשפּרונגען דערשראָקענע פון זייערע ערטער און האָבען זיך א וואָרף געטאָן אין א זייט. דער וואַך־הונד האָט זיך אויך אויפ־געכאַפּט און בילענדיג זיך גענומען ברענגען די צוטומעלטע טשע־רעדע אין אָרדנונג. אָבער דער באַראָן האָט שוין נית געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט צו דעם טומעל: ער איז געווען פאַר־טיפט אין זיך.

פאר זיינע דונקעל־געוואָרענע אויגען האָט זיך פאנאנדער־געוויקעלט דער סוד פון זיינע חלומות...

נאָך א מינוט און ער האָט א ציטער געטאָן צום לעצטען מאָל. דאן האָבען זיך זיינע פיס פון זיך אליין אונטערגעבויגען, און א טויטער איז ער א פאל געטאָן אויף דער ערד.

איוואן סאזאניטש האָט זיין טויט שטארק באדויערט.

— און וואָס איז דאָס מיט איהם געשעהן, האָט ער גע־קלאָגט אין דער הויך, — געוועזן א באראן ווי אלע באראנען, און מיט אמאָל... ווי מ׳האָט איהם עפעס אפגעטאָן...

— ניקיטע! דו ביזט שוין פופציג יאָהר א שאָף־מאן, דארפסטו דאָך זייער נארישען מין גוט פארשטעהן; זאָג־זשע מיר, וואָס פאר א צרה האָט דאָס איהם געטראָפען?

— איהם האָט זיך, פארשטעהט זיך, א „פרייער באראן" גע׳חלומ׳ט, — האָט ניקיטע געענטפערט, — אין חלום האָט ער איהם טאקי געזעהן, אָבער פארשטעהן די זאך ווי געהעריג האָט ער ניט געקאָנט. נו, האָט איהם פריהער אנגעכאפט א בענקעניש, איז מיט דער צייט איז ער גע׳פגר׳ט. פונקט ווי מיט אונזערען א מענשען טרעפט עס אמאָל...

אָבער איוואן סאזאניטש האָט זיך פון וויטערע, ערקלעה־רונגען ענטזאָגט.

— זאָלען מיר זיך דאָס אין אכט נעהמען! — האָט ער געזאָגט, — ערגעץ אנדערש וואָלט אפשר פון דעם דאָזיגען באראן א באָק ארויסגעקומען, אָבער ביי אונז איז דער כלל אזא: ביזטו געבאָרען געוואָרען א באראן טאָ פארבלייב א באראן, אָהן וויטערע חקירות. אי דעם בעל הבית וועט גוט זיין, אי דיר וועט גוט זיין אי דער רעגירונג וועט זיין אָנגענעהם. און פון אל־דאָס־גוטס, וועסטו האָבען איבער־גענוג. — אי היי, אי גראָז, אי שטרוי. און די שאָף וועלען צו דיר גוט זיין. ניט אזוי, ניקיטע?...

— אמת, איוואן סאזאניטש, אמת, — האָט ניקיטע צוגע־שטימט.

# דער קאַראַס דער אידעאַליסט.

אַ קאַראַס מיט אַ קוילבאַרס (יאָרש) האָבען געהאַט אַ ויכוח. דער קאַראַס האָט גע'טענה'ט, אַז מען קאָן מיט'ן אמת אַליין לעבען אויף דער וועלט, און דער קוילבאַרס האָט באַהויפּטעט, אַז אָהן כיטרע־ווען קען מען זיך אויף דער וועלט ניט באַגעהן. וואָס אייגענטליך ער האָט געמיינט מיט דעם וואָרט „כיטרעווען" ווייסט מען ניט, אָבער יעדען מאָל, ווען ער האָט אַרויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער, האָט דער קאַראַס אויסגעשריען מיט צאָרן:

— אָבער דאָס איז דאָך נידערטרעכטיגקייט!

און דער קוילבאַרס פּלעגט אויף דעם ענטפערען:

— 'סט שוין זעהן!

דער קאַראַס איז אַ שטילער פיש, גענייגט צו אידעאַליזם. ניט אומזיסט האָבען איהם מאָנאַכען ליעב. מעהרסטענטיילס ליגט ער אויף דעם סאַמע גרונט פון שטילע טייכען, איינגעגראָבען אין דעם זומפּיגען באָדען, און קלייבט פון דאָרטען אויס מיקראָסקאָפּישע חיה'לעך פאַר זיין חיונה. נו, נאַטירליך, אַז מען ליגט און מען ליגט און מען ליגט, טראַכט מען עפּעס אויס. און אַמאָל טאַקע אַ פרייען געדאַנק. נאָר אַזוי ווי די קאַראַסען שטעלען ניט צו זייערע געדאַנקען אין דער צענזור, און ווערען אין אוטשאַסטאָק אויך ניט פאַרשריבען, טאָ פאַרדעכטיגט זיי קיינער ניט אין פּאָליטישער נישט־כשר'קייט. און אויב מיר זעהן יאָ, אַז פון צייט צו צייט מאַכט מען אָבלאַוועס אויף קאַראַסען, איז דאָס ניט פאַר זייער פריי־געזאָנענקייט, נאָר דערפאַר וואָס זיי זיינען אַ געשמאַקער ביסען.

געוועהנליך כאַפּט מען קאַראַסען מיט אַ נעץ אָדער אַ וואָלאָק; אָבער מען דאַרף זיין פלינק און געשיקט אום זיי צו כאַפּען אין אַ גרויסער צאָהל. ערפאַהרענע פישער קלייבען אויס פאַר דעם

די צייט באַלד נאָך אַ רעגן, ווען די וואַסער איז קאַלעמוטנע. זיי פאַרוואָרפן דעם וואָלאָק און הויבן אָן צו פּאַטשען איבער׳ן וואַסער מיט דעם שטריק, מיט שטעקענס, און אין אַלגעמיין מאַכן אַ טומעל. דערהערט דער קאַראַס אַ רעש, דענקט ער, אַז דאָס זאָגט מען אָן וועגן דעם טריאומף פון פרייע אידעען; קריכט ער אַרויס פון דעם זומפּ און שווימט אַרויף אויף דער פלאַך, אויסצוגעפינען, אויב ער קען אויך איינטייל נעמען אין דער שמחה. און דאָ פּאַלט ער אַריין אין דעם וואָלאָק און ווערט אַ קרבן פון דעם מענטשענס אַפּעטיט אויף געשמאַקע זאַכען. ווייל, איך זאָג דאָס נאָך אַמאָל, די קאַראַסען, זיינען אַזאַ געשמאַקער ביסען (בפרט נאָך ווען גע־פּרעגעלט אין סמעטענע), אַז דער מאַרשאַל פון די אַדעליגע איז מיט דעם מאכל מכבד אַפילו דעם גובערנאַטאָר אַליין.

אָבער וואָס אַנבאַלאַנגט דעם קוילבאַרס איז דאָס אַ פיש שוין נעריהרט פון סקעפּטיציזם, און דערצו נאָך אַ שטעכעדיגער.

ווי אַזוי דער קאַראַס איז זיך צונויפגעקומען מיט דעם קויל־באַרס — דאָס ווייס איך ניט. ווייסען ווייס איך נאָר, דאָס אַזוי שנעל ווי זיי זיינען זיך צונויפגעקומען האָבען זיי אָנגעהויבען האַל־טען ויכוחים. איינמאָל, צוויי מאָל, און עס איז ביי זיי אַריין אין אַ געוואוינהייט, און זיי האָבען אָנגעהויבען אָפּמאַכען וואו און ווען זיך צו טרעפען. פלעגען זיך צוזאַמענקומען ערגעץ אונטער׳ן משערעט און האַלטען אינטעליגענטע דיסקוסיעס. און די ווייס־בייכיגע פלאָטיטשקע פלעגט זיך שטיפעריש אַרומשווימען לעבען זיי און זיך לערנען שכל.

דער קאַראַס פלעגט תמיד דער ערשטער זיך פאַרטשעפּען.

„איך גלויב ניט״, זאָגט ער, „אַז קאַמף און שטרייט זאָל זיין דער נאָרמאַלער געזעץ, אונטער דער ווירקונג פון וועלכען אַלעס וואָס לעבט אויף דער וועלט מוז זיך ענטוויקלען. איך גלויב אין בלוטלאָזען וואוילזיין, איך גלויב אין האַרמאָניע, און איך בין טיעף איבערצייגט, אַז גליק — דאָס איז ניט אַ פּוסטע פאַנ־טאַזיע פון טרוימערישע נשמות, נאָר אַז פריהער אָדער שפּעטער וועט דאָס ווערען אַלעמענס פאַרמעגען.

— „׳סט זיך דערוואַרטען״, גיט דער קוילבאַרס אַ זאָג מיט איראָניע.

דער קוילבארס רעדט אַפּגעהאַקט און אומרוהיג. דאָס איז אַ נערוועזער פיש, וועלכער איז, ווייזט אויס, אויסגעשטאַנען ניט קיין ביסעל עולות. ס׳איז ביי איהם אַנגעזאַמעלט אויפ׳ן הארצען... אוי, ווי אַנגעזאַמעלט! צו האס איז נאָך דערוייל ניט דערגאַנגען, אָבער פון זיין גלויבען און נאאיוויטעט איז שוין קיין זכר ניטאָ. אנשטאַט רוהיג לעבען זעהט ער איבעראַל שטרייט; אנשטאַט פּראָגרעס — פאַרווילדקייט. און ער טענה׳ט, אַז דער וואָס וויל לע־בען אויף דער וועלט מוז דאָס אַלעס נעהמען אין אנבעטראַכט. דעם קאַראַס האַלט ער פאַר אַ „יאָלדעוואַטען“, ער אנערקענט אָבער אין דער זעלבער צייט, אַז נאָר מיט איהם קאָן מען זיך אויסרעדען דאָס הארץ.

— „און כ׳על זיך טאַקע דערוואַרטען! — האָט דער קאַראַס אויסגעשריען, — ניט איך אַליין — אַלע וועלען זיך דערוואַרטען. די פינסטערניש אין וועלכער מיר שווימען, איז אַ רעזולטאַט פון אַ ביטערען היסטאָרישען צופאַל; אָבער היינט, אַ דאַנק די נייעסטע פאָרשונגען, קען מען שוין דעם דאָזיגען צופאַל צו־גלידערען אויף שטיקלעך, קען מען שוין באַטראַכטען די אורזאַכען וואָס האָבען איהם מיטגעבראַכט. פינסטערניש — דאָס איז אַן עקזיסטירענדער פאַקט און ליכטיגקייט — די געווינשטע צוקונפט. און ס׳וועט זיין ליכטיג, ס׳וועט זיין.

— הייסט עס, נאָך דיין מיינונג נאָך, אַז ס׳וועט קומען אַזאַ צייט ווען ס׳וועלען קיין העכט ניט זיין אויף דער וועלט?

— וואָס פאַר אַ העכט? — חידוש׳ט זיך דער קאַראַס, וועלכער איז געווען אַזוי נאַאיוו, אַז ווען מען פלעגט אין זיין אנ־וועזענהייט זאָגען, אַז „אויף דערויף איז דער העכט אין ים, כדי דער קאַראַס זאָל זיך היטען“, פלעגט ער דענקען, אַז דאָס זיינען גימפּען, אָדער וואַסער־מוידען, מיט וועלכע מען שרעקט קליינע קינדער, און ער האָט, נאַטירליך, פאַר אַזעלכע זאַכען זיך ניט געשראָקען.

— ביזטו אַ גולם, זאָל זיך איין גאָט אויף דיר דערבאַרעמען! רעדסט וועגען וועלט־פּראָבלעמען און האָסט קיין אהנונג ניט וואָס אַ העכט איז!

דער קוילבארס ניט פאַרעכטליך אַ דרעה מיט זיינע פיש־

פּעדערען און שווימט זיך אַוועק. אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום שווימען זיי זיך ווידער צוזאַמען ערגעץ אין אַ באַהאַלטענעם ווינ־קעל (אין טייך איז דאָך אומעטיג) און דיסקוטירען ווידער.

— דער יסוד פון גוטעם שפּיעלט די וויכטיגסטע ראָלע אין לעבען, — דרשן׳ט דער קאַראַס. — דאָס שלעכטע איז צוגעלאָ־זען געוואָרען צום לעבען עפּעס דורך אַ מיספאַרשטענדעניש. די הויפּט קראַפט פון לעבען באַשטעהט דאָך אין דעם גוטען.

— מ׳וועט דיר אַריינדערלאַנגען!

— אי, קוילבאַרס, ס׳אַרא אויסדריקען דו נעברויכסט עס! „מ׳וועט דיר אַריינדערלאַנגען!" — איז דאָס אַן ענטפער?

— דיר האָט מען אייגענטליך אין גאַנצען ניט נעדאַרפט ענטפערען. ביזט אַ שוטה — דאָס אַלעס.

— זידעל זיך נישט און הער אויס וואָס כ׳וועל דיר זאָ־גען. אַז דאָס שלעכטע איז קיינמאָל ניט געווען קיין בויענדע קראַפט — דאָס באַווייזט אונז די געשיכטע. דאָס שלעכטע האָט נעדריקט, געשטיקט, פאַרוויסטעט, פאַרניכטעט דורך פייער און שווערד, אָבער בלויז דאָס גוטע איז געווען אַ בויענדע קראַפט, — אַ קראַפט, וואָס האָט געהאָלפען די אונטערדריקטע, וואָס האָט באַפרייט פון קייטען, וואָס האָט אויפגעוועקט אין הארצען פרוכט־באַרע געפיהלען, וואָס האָט דערהויבען דעם געדאַנק צו געוואַלדיגע הויכקייטען. אָהן דעם דאָזיגען קאָנסטרוקטיווען פאַקטאָר פון לע־בען וואָלט גאָר קיין געשיכטע ניט געווען. ווארום וואָס איז איי־געגטליך אַזוינס געשיכטע? דאָס איז די מעשה פון באַפרייאונג, דאָס איז די ערצעהלונג פון דעם טריאומף פון גוטעם און פאַרנונפט איבער דעם שלעכטען און דעם אונזיניגען.

— און דו ווייסט דאָס שוין אויף זיכער, אַז דאָס שלעכטע און דאָס אונזיניגע זיינען באַזיעגט געוואָרען?

— נאָך ניט, אָבער זיי וועלען באַזיגט ווערען, — אין דעם פאַרזיכער איך דיך. כ׳וועל דיר ווידער אָנצייגען אויף דער געשיכ־טע. פאַרגלייך דאָס, וואָס איז געווען אַמאָל מיט דעם וואָס עס איז איצט, און דו וועסט צוגעבען, אַז ניט נאָר די אויסערליכע מעטאָ־דען פון דעם שלעכטען זיינען ווייכער געוואָרען, נאָר אַז אויך די קוואַנטיטעט פון שלעכטען איז באַדייטענד פאַרקלענערט געוואָרען.

אַט נעהם אפילו אונז, פיש. פריהער פלעגט מען אונז כאַפּען צו יעדער צייט, און באַזונדערס אין דער צייט פון „לויפען", ווען מיר פלעגען, ווי צודולטע, אַליין קריכען אין דער נעץ אריין; היינט האָבען זיי עס אנערקענט אַלס שדעליך אונז צו כאַפּען אין „לויף"־צייט. פריהער, פלעגט מען אונז אומברענגען אויף אַלערליי באַרבאַרישע אופנים: מען דערצעהלט, אַז אין אוראַל, אין דער צייט פון האַרפּון מעטאָדען, פלעגט דער טייך זיין מיילען־ווייז רויט מיט פיש־בלוט; היינט אָבער — אוים! וואַלאַקען, יאַטערעס, אודקעס — און קיין אַנדער זאַך באַנוצט מען ניט געגען אונז. מען דעבאַטירט נאָך וועגען דעם אין קאָמיטעטען: וועלכע וואַלאַקען, אין וואָס פאַר אַ צייט, וואָס פאַר אַ צוועק.

— און דיר, ווייזט אוים, איז ניט אַלץ איינס, ווי אַזוי דו פאַלסט אריין אין אַ פיש־יויך?

— וואָס פאַר אַ פיש־יויך? — חידוש'ט זיך דער קאַראַס.

— אָה, גנעה צו אַלדי־שוואַרצע יאָהר! רופט זיך קאַראַס און ווייסט ניט וואָס פיש־יויך איז! טאָ וואָס פאַר אַ רעכט האָסטו נאָך מיט מיר צו רעדען? אַז מען וויל דיסקוטירען אַ זאַך, אַז מען וויל דעבאַטירען וועגען עפּעס און פאַרטיידיגען אַן אייגענע מיינונג, מוז מען דאָך, לכל הפּחות, זיין באַקאַנט מיט די פאַקטען. טאָ וואַס זשע דרעהסטו אַ מוח, אַז דו ווייסט ניט אַזאַ איינפאַכען אמת, אַזאַ אַקסיאָמע, אַז פאַר יעדען קאַראַס איז פאַראוים אָנגעגרייט אַ פיש־יויך־קעסעל? אַוועק! כ'וועל דיך דערשטעכען.

דער קוילבאַרס האָט אָנגעשטעלט זיינע נאָדלען און דער קאַראַס האָט זיך אַרונטערגעלאָזט צום גרונט אַזוי שנעל ווי זיין אומגעלומפּערטקייט האָט איהם ערלויבט. אָבער אין אַ מעת לעת אַרום האָבען זיך די נעגנער־פריינד ווידער אַמאָל באַגעגענט און האָבען ווידער געפיהרט געשפּרעכען.

— אין אונזער בוכטע האָט אַנומעלטען אַ העכט אריינגעקוקט, — האָט דער קוילבאַרס געזאָגט:

— אַט דער זעלבער, וועגען וועלכען דו האָסט ע"ז גערעדט?

— יאָ. צוגעשוואומען, אַריינגעקוקט און געזאָגט:

„עפּעס איז מיר דאָ צו שטיל! דאָ מוזען זיך קאראסען האַלטען"· און איז אוועקגעשוואומען.

— טאָ וואָס זשע זאָל איך איצט טהאָן?

— זאָג וידוי, דאָס אַלעס. אַז ער וועט צושווימען אהער און וועט אויף דיר אָנשטעלען אַ פּאָר אויגען טאָ פאַרוואַרף די פּיש־פעדערען אויף די לוסקעס, און קריך איהם אריין אין גאָרגעל אריין.

— פאַר וואָס זאָל איך דאָס קריכען? ווען איך וואָלט זיך מיט עפּעס פאַרזינדיגט...

— ביזט אַ נאַר, — דאָס איז דיין שולד. און דערצו ביזטו נאָך פעט, און אַ נאַר, און דערצו נאָך אַ פעטען, הייסט דאָס גענוג אַליין צוקריכען צום העכט אין גאָרגעל אריין.

— ס׳קען אַזאַ געזעץ ניט זיין! — האָט דער קאראַס אויס־געשריען מיט אויפריכטיגער ענטריסטונג. — און דער העכט האָט קיין רעכט ניט צו שלינגען גלאַט אַזוי. ער מוז פריהער פאָדערען אַן ערקלעהרונג. איך וועל זיך מיט איהם דורכרעדען און פאַר איהם אַרויסזאָגען דעם גאַנצען אמת. מיט׳ן אמת וועל איך איהם דערנעהמען ביז׳ן זיבעטען ריפּ.

— כ׳האָב דיר פריהער געזאָגט, אַז דו ביזט אַ גולם און איצט זאָג איך נאָך אַמאָל: ביזט אַ גולם, אַ שוטה, אַ טיפּוש!

דער קוילבארס איז אויף אַן אמת׳ן אין כעס געוואָרען און האָט זיך געגעבען דאָס וואָרט מעהר מיט דעם קאראַס ניט האָבען צו טאָן. אָבער אין עטליכע טעג ארום האָט די געוואוינהייט איהם דאָך בייגעקומען.

— אָט, ווען אַלע פּיש וואָלטען זיך צוזאַמענגערעדט, — האָט דער קאראַס מיסטעריעז באַמערקט.

אָבער דעם מאָל איז שוין דער קוילבארס אַליין געוואָרען אַ פּאַרציטערטער.

„וואָס דרעהט ער אַ קאָפּ דער גולם", האָט ער ביי זיך גע־טראַכט. „ער וועט נאָך עפּעס אויספּלאַפּלען, און דאָ דרעהט זיך ארום אַ גאַלאָוועל. זעה נאָר ווי ער קוקט אָן אַ זייט, אַזוי ווי ס׳ניט זיין עסק, און הערען, הערט ער זיך אונטער".

— און דו האַלט דעם פּיסק און רעד ניט אַרויס יעדען וואָרט, וואָס קומט דיר אַרויף אויפ׳ן מוח, — האָט ער ערנסטער

א זאג געטאן דעם קאראס. מען דארף ניט צעעפענען א מויל, אז מ'וויל עפעס זאגען קאן מען דאס זאגען שטילערהייט.

— איך וויל זיך ניט שושקען, — האט דער קאראס געענט־פערט גאנץ רוהיג. — און איך זאג נאך אמאל, אז ווען אלע פיש וואלטען זיך צוזאמענגערעדט, וואלט...

אבער דא האט דער קוילבארש גראב איבערגעשלאגען זיין פריינד.

— מיט דיר צו רעדען דארף מען זיך פריהער מיט ארבעס אנעסען, — האט ער אויף איהם א געשריי געטאן און איז שנעל אוועקגעשוואומען.

איהם האט אי פארדראסען אויף דעם קאראס, אי ער האט אויף איהם רחמנות געהאט. א נאר טאקע, אבער ער איז דאך דער איינציגער, מיט וועמען מען קען זיך אויסרעדען דאס הארץ. ער וועט ניט אויסדערצעהלען, וועט ניט פארראטען — אין וועמען קען מען היינטיגע צייטען געפינען אזוינע מעלות? א שוואכע צייט היינט — מען קען זיך אפילו אויף טאטע־מאמע ניט פאר־לאזען. אט די פלאטיצע, א שטייגער. מען קען וועגען איהר קיין שלעכטס ניט זאגען, אבער מען קען גאר ניט זיין זיכער, אז זי וועט, ניט פארשטעהענדיג, זיך ניט ארויסכאפען מיט עפעס א ווארט און ניט דערצעהלען פון חדר. און פון גאלאוועלען, שלייען און די איבריגע מה יפית'ניקעס איז דאך שוין ניטא וואס צו רעדען! פאר א ווארים זיינען זיי דאך גרייט צו שווערען פאלש!

— קוק זיך אקארשט אן, — האט ער געזאגט צום קאראס, — אויף וואס קלעקסטו, ווען די שעה זאל חלילה קומען און זאלסט זיך דארפען פארטיידיגען? דער בויך איז ביי דיר א גרויסער, דער קאפ א קליינער און דערצו נאך גארניט קיין שארפער, א מויל האסטו א פיטשעגקען. אפילו דיין לוסקע איז אויך ניט קיין ממשות'־דיגע. נישט דו ביסט פלינק, נישט דו ביסט ריהרעוודיג. ווער עס וויל נאר קאן צוקומען און דיך אויפעסען.

— פארוואס זאל מען מיך אויפעסען, אויב איך בין אין גאר־נישט ניט שולדיג? — האט דער קאראס זיך געהאלטען ביי זיי־נעם.

— הער אויס, דו גולם בן שוטה! מען עסט דען עפעס „פאר־

וואָס"? מען עסט דען אויף דערפאַר וואָס מען וויל וועמען באַ־שטראָפען? מען עסט דערפאַר, וואָס עס ווילט זיך עסען — און דאָס אַלעס. דו אַליין עסט דאָך אויך. ניט אומזיסט גראָבסטו מיט דיין נאָז און זוכסט ווערימלעך. זיי, די ווערימלעך, ווילען דאָך אויך לעבען, און דו שטאָפסט אָן מיט זיי דיין קישקע פון אין דער פריה ביז ביינאַכט. זאָג, וואָס האָבען זיי דיר אַזוים געטאָן, אַז דו זאָלסט זיי יעדע מינוט באַשטראָפען מיט'ן טויט? געדענקסט, וואָס דו האָסט אַנומעלטען געזאָגט: „ווען אַלע פיש וואָלטען זיך צוזאַמענגערעדט..." און וואָס וואָלט געווען ווען אַלע ווערימלעך וואָלטען זיך צוזאַמענגערעדט — וואָלט דאָס דיר זעהר געפעלען, דו יאָלד איינער?

די פראַגע איז אָוועקגעשטעלט געוואָרען אַזוי דירעקט און אַזוי אונאַנגענעהם, אַז דער קאַראַס האָט זיך פאַרלאָרען און איז רויט געוואָרען.

— אָבער ווערימלעך, — דאָס זיינען דאָך... — האָט ער אַרוים־געשאַמעלט.

— ווערימלעך זיינען ווערימלעך און קאַראַסען זיינען קאַ־ראַסען. די קאַראַסען האָדעווען זיך אויף ווערימלעך און די העכט — אויף קאַראַסען. ניט די ווערימלעך האָבען זיך פאַרזינ־דיגט, און ניט די קאַראַסען זיינען אין עפּעס שולדיג, אָבערביידע מוזען אויסשטעהן די שטראָף. טראַכט וועגען דעם כאָטש הונ־דערט יאָהר, וועסטו קיין אַנדער זאַך ניט אויסטראַכטען.

נאָך די דאָזיגע ווערטער פון זיין פריינד דעם קוילבאַרס האָט זיך דער קאַראַס באַהאַלטען טיעף אין דעם זומפּיגען גרונט און האָט גענומען טראַכטען. געטראַכט און געטראַכט און דערווייל געגעסען ווערימלעך. און וואָס מעהר ער עסט זיי, אַלץ מעהר ווילט זיך איהם. ענדליך האָט ער זיך אָבער דערטראַכט.

— ניט דערפאַר עס איך ווערימלעך וואָס זיי זיינען אין עפּעס שולדיג, — אין דעם ביזטו גערעכט געווען, — האָט ער ערקלערט דעם קוילבאַרס, — נאָר דערפאַר עס איך זיי, וואָס די נאַטור אַליין האָט זיי באַשטימט פאַר מיר אויף צו עסען.

— ווער האָט דאָס דיר געזאָגט?

קיינער האָט דאָס מיר ניט געזאָגט. דאָס בין איך אַליין, פון

מיין אייגענער בעאָבאַכטונג, דערגאַנגען צו דעם דאָזיגען אמת.
דאָס ווערימעל האָט ניט קיין נשמה, בלויז אַ פּאַרע אַזאַ.

דו עסט עס, און עס פאַרשטעהט ניט וואָס דו טוסט מיט דעם.
און עס איז אַזוי באַשאַפען, אַז עס איז אוממעגליך דאָס ניט איינ־
צושלינגען. גיסט אַ זופּ וואַסער, און צי דו ווילסט דאָס צי ניט
— ביי דיר אין מויל איז פול מיט ווערימלאך. איך כאַפּ זיי ניט —
זיי קריכען אַליין צו מיר אין מויל אריין. אבער קאַראַסען —
דאָס איז אַ גאַנץ אַנדערע געשיכטע. עס זיינען דאָ קאַראַסען
וואָס זיינען צעהן צאָל לאַנג, און מיט זיי דאַרף מען זיך פריהער
מיישב זיין איידער מען עסט זיי אויף. זיי מוזען פריהער באַגעהן
עפּעס אַ גרויסע עולה. דאַן, נאַטירליך...

— וואַרט, אַז דער העכט וועט דיך איינשלינגען, וועסטו
וויסען, וואָס מען מוז פריהער טאָן. און דערווייל שווייג בעסער.

— ניין, וואָס הייסט כ'וועל שווייגען? כאָטש איך האָב אויף
מיין לעבען קיין העכט ניט געזעהן, אָבער פון דעם וואָס איך האָב
געהערט וועגען איהם, בין איך זיכער, אַז אויב ער איז ניט טויב
צום קול פון אמת... זאָג אליין: קען מען באַגעהן אַזאַ גזלה? ליגט
זיך אַ קאַראַס, טשעפּעט קיינעם ניט, און פּלוצים, אָהן אַ פאַרוואָס,
אָהן אַ פאַר ווען, שלינגט איהם אַ העכט איין! אויף מיין לעבען
וועל איך אַזאַ זאַך ניט גלויבען!

— יאָלד! האָסטו דען ניט געזעהן אַנומעלטען, ווי אַ מאָנאַך
האָט פאַר דיר אין די אויגען ארויסגעשלעפּט גאַנצע צוויי וואַ־
לאַקעס מיט קאַראַסען? וואָס דענקסטו, ער וועט זיך מיט זיי
שפּיעלען, זיי באַוואונדערען, דער מאָנאַך?

— כ'וויים ניט. אָבער ס'איז אַ גרויסער ספק, וואָס מען
האָט מיט יענע קאַראַסען געטאָן — צי מען האָט זיי אויפגעגעס־
סען, צי אין אַ גאַרטען־טייכעל אריינגעלאָזט. ס'קען זיין, אַז זיי
לעבען דאָרט אין וואוילטאָג, און מען קאָרמעט זיי מיט קלויסטער־
ברויט.

עס זיינען פאַרלאָפען טעג און וואָכען, און צו די ויכוחים
צווישען דעם קאַראַס און דעם קוילבאַרס איז גאָר קיין סוף ניט
געווען. דער געגענד וואו זיי האָבען זיך אויפגעהאַלטען איז געווען

א שטילער, באדעקט זאגאר מיט א הייטעל פון גרינעם שימעל — גאר א גינסטיג פלאץ פאר ויכוחים. ווענען וואס זיי זאלען ניט רעדען, וואס פאר א טרוימען זיי זאלען ניט טרוימען — קענען זיי עס טאן גאנץ אונבאשטראפט. דאס האט צוגעגעבען דעם קאראס אזוי פיעל מוט, אז פון איין מאל ביז דעם צווייטען האט ער אלץ העכער און העכער אויפגעהויבען זיין קול און געפרעדיגט הויכע זאכען.

— די פיש דארפען ליעבען איינער דעם צווייטען, — האט ער גע׳דרן׳ט. — יעדער פאר אלע און אלע פאר יעדען. דאן וועט אן אמת׳ע הארמאניע ווערען א ווירקליכקייט.

— כ׳וואלט א בעלן זיין וויסען ווי אזוי דו וועסט מיט דיין ליעבע צום העכט צוקומען ?— האט איהם דער קוילבארש קאלט וואסער אפגעגאסען.

— כ׳וועל שוין צוקומען! איך, ברודערקע, האב אזוינע ווער־טער, וואס, ווי נאר איך וועל זיי ארויסרעדען, וועט יעדער העכט אין א רגע פארוואנדעלט ווערען אין קאראס !

— אנו, לאמיר הערען ?

— גאנץ פשוט. איך וועל א פרעג טאן: ווייסטו, הערר העכט, וואס איז אזוינס טוגענד, און וועלכע פליכטען זי לעגט ארויף אויף איין פיש אין באצוג צו א צווייטען ?

— ער וועט בלייבען א פארציטערטער פון אזוינע ווערטער, געוויס !

שא, ווילסט, וועל איך דיר פאר אט דער פראגע דורכשטעכען דיין בויך מיט מיינער א נאדעל ?

— שפאס ניט מיט אזעלכע זאכען, כ׳בעט דיך ! אדער אניט וועל איך איהם אזוי א זאג טאן :

— נאר דאן וועלען מיר, פיש, באגרייפען אונזערע רעכט, ווען מען וועט אין אונז פון קינדווייז אן ערציהען בירגערליכע געפיהלען.

— אויף וואס פאר א שווארץ יאהר דארפסטו בירגערליכע געפיהלען ?

— וואס הייסט...

— אט דאס הייסט עס. נאר דאן פאסען זיך בירגערליכע

געפֿיהלען, ווען פֿאַר זיי איז דאָ אַ ברייט פֿעלד, אָבער וואָס וועסטו מיט זיי טאָן ליגענדיג אין זומפּ ??

— ניט אין זומפּ, נאָר אין אַלגעמיין...

— צום ביישפּיעל ?

— צום ביישפּיעל, אַ מאָנאך וועט מיך וועלען אָפּקאָכען אין פֿיש־יויך, וועל איך איהם קענען זאָגען : דו, היילִיגער פֿאָ־טער, האָסט קיין רעכט ניט, אָהן אַ דין און אָהן אַ משפּט אויף מיר אַזאַ שרעקליכע שטראָף ארויפֿלעגען!

— און פֿאַר אַזאַ חוצפּה וועט ער דיך אָדער אויף אַ סקאָ־וואָראָדע ארויפֿוואַרפֿען, אָדער ער וועט דיך גאָר אין הייסען אַש אריינשטעקען. ניין, מיין פֿריינד, אַז מען לעבט אין זומפּ דאַרף מען האָבען ניט בירגערליכע געפֿיהלען, נאָר גולם'שע. באַגראָב זיך וואָס טיעפֿער און שווייג, גולם וואָס דו ביזט!

— אָדער איך וועל אַ זאָג טאָן, — האָט דער קאַראַס געזאָגט אין דער הויך :

— פֿיש דאַרפֿען זיך ניט האָדעווען אויף פֿיש. די נאַטור האָט פֿאַר די פֿיש צוגעגרייט אַ סך אַנדערע געשמאַקע מאכלים, — ווערימלאַך, שפּאָנען, וואַסער־פֿליי, ראַקעס, שלאַנגען, זשאַבעס. דאָס האָט אַלץ פֿאַר די פֿיש די נאַטור צוגעגרייט.

— און פֿאַר די העכט האָט די נאַטור צוגעגרייט קאַראַסען, האָט איהם דער קוילבאַרס געפּרוּווט אויסניכטערען.

— ניין, די קאַראַסען זיינען אַ מין אַן און פֿאַר זיך. אויב די נאַטור האָט איהם ניט געגעבען קיין פֿאַרטיידיגונגס־מיטלען, ווי דיר, צום ביישפּיעל, מיינט דאָס, אַז מען דאַרף ארויסגעבען אַ באַזונדער געזעץ צו באַשיצען זיין פּערזאָן.

— און אויב מען וועט דעם דאָזיגען געזעץ ניט ערפֿילען?

— דאַן דאַרף מען פֿאַרעפֿענטליכען אַ שאַרפֿען פֿאָרוואורף: בעסער, הייסט עס, אין גאַנצען ניט ארויסגעבען קיין געזעצען איי־דער זיי ניט אָפּצוהיטען.

— און אַלעס וועט זיין ווי געוואונשען ?

— איך דענק אַזוי. איך זאָג נאָך אַ מאָל : פֿיעלע וועלען זיך פֿאַרשעמען.

עס זיינען פֿאַרבייגעגאַנגען טעג און וואָכען, און דער קאַראַס

האָט געהאַלטען אין איין טרוימען. אַן אַנדערער וואָלט דערפאַר געקראָגען באַטש אַ שנעל אין נאָז, אָבער איהם האָט מען דערפאַר גאָרניט געטאָן. און ווען ער זאָל זיך געווען באַטש אַ קאָפּעטשקע היטען, וואָלט ער געקאָנט געווען אַזוי דרשנ׳ען אַלע זיינע יאָהרען. אָבער ער איז אריין אין אַזאַ התלהבות, אַז ער האָט אין גאַנצען פאַרגעסען וואו ער איז אין דער וועלט. אַזוי האָט ער זיך גערעדט און גערעדט, ביז עס קומט צו איהם איינמאָל אַ גאַלאָוועל און דערלאַנגט איהם אַ „פּאָוועסטקע". מאָרגען, הייסט עס, קומט דער העכט אין דער בוכטע אריין, און דער קאַראַס מוז, למען השם, קומען פריה פאַרטאָג אָפּגעבען דין וחשבון.

אָבער דער קאַראַס האָט זיך ניט דערשראָקען. ערשטענס, האָט ער זיך אָנגעהערט אַזוי פיעל פאַרשידענע מיינונגען איבער דעם העכט, אַז ער איז געווען פּשוט נייגעריג זיך פערזענליך מיט איהם צו באַקאַנען. צווייטענס, האָט ער געוואוסט, אַז ער פאַר־מאָגט אַ צויבער־וואָרט, וואָס, ווי נאָר ער וועט דאָס ארויסרע־דען, וועט דער גרויזאַמסטער העכט פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ קאַראַס. און אויף אָט דעם וואָרט האָט ער גרויסע האָפנונגען גע־לעגט.

אפילו דער קוילבארס, זעהענדיג די שטאַרקע אמונה פון זיין פריינד, האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז אפשר איז ער אליין שוין צו ווייט אַוועק אין דער נעגאַטיווער ריכטונג. אפשר איז עס טאַקע אמת, אַז דער העכט וואַרט נאָר אויף דעם, אַז מען זאָל איהם ליעב באַקומען, איהם געבען אַ גוטע עצה און באַלייכטען זיין מוח און זיין הארץ? אפשר איז ער נאָר אַ... גוטער? און עס איז אויך מעגליך, אַז דער קאַראַס איז גאָרניט אַזאַ יאָלד, ווי ער קוקט אויס, און ער בויעט פּילייכט זיין קאַריערע אויף אַ גאַנץ אויסגערעכנע־טען אופן. ווער ווייסט? מאָרגען וועט ער קומען צום העכט און וועט איהם אַרויסזאָגען דעם גאַנצען אמת וואָס ער, דער העכט, האָט נאָך אויף זיין לעבענס טאָג ניט געהערט, און דער העכט וועט נעהמען און זאָגען: דערפאַר וואָס דו, קאַראַס, האָסט מיר דעם גאַנצען אמת געזאָגט שענק איך דיר אַוועק אין גאַנצען די בוכטע, און געוועלטיג איבער איהר.

אויף מאָרגען איז דער העכט געקומען צו שווימען גאַנץ פריה.

קוקט אויף איהם דער קאראס און חידוש'ט זיך: וואָס פאַר א רכילות מען האָט איהם אויף דעם העכט אָנגערעדט! ער איז דאָך א פיש ווי אלע פיש. בלויז א מויל האָט ער א גרויס — ביז די אויערען. און דער גאָרגעל זיינער איז פונקט גרויס גענוג, אז ער, דער קאראס, זאָל קענען דורכקריכען.

— איך האָב געהערט — זאָגט דער העכט, — אז דו, קאראס, ביזט א גרויסער חכם, און אַן אויסגעצייכענטער רעדנער. וויל איך דעריבער מיט דיר האַלטען א ויכוח. הויב אָן.

— איך קלער מעהרסטענס וועגען גליק, — האָט דער קאראס געענטפערט באשיידען, אָבער מיט ווירדע, — אז ניט איך אליין, נאָר אַלע זאָלען זיין גליקליך. אז יעדער פיש זאָל זיין פריי צו שווי־מען אין אלע וואסערען, און אויב איינעם ווילט זיך ליגען באהאַל־טען אין זומפּ, טאָ זאָל ער זיך ליגען אין זומפּ.

— הם... און דו דענקסט, אז אזא זאַך איז מעגליך?

— ניט נאָר דענק איך עס, נאָר איך ערוואַרט דאָס יעדע שעה.

— צום ביישפּיעל: איך שווים, און זיים ביי זייט מיט מיר שווימט... א קאראס?

— נו, איז וואָס?

— איך הער דאָס דעם ערשטען מאָל. נו, און אז איך וועל זיך אומדרעהען און דעם קאראס... אויפעסען?

— ניטאָ אזא געזעץ, הער העכט; דאָס געזעץ זאָגט אויס־דריקליך: ווערימלאַך, פליגען, וואסער־פליי, שפּאָנען, זשאַבעס, ראַקעס און אנדערע איינוואוינער פון די וואסערען, וואָס געהע־רען ניט צום פיש־מין, זאָלען דיענען אלס שפּייז פאַר פיש. אָבער ניט קיין פיש.

— וועניג פאַר מיר. גאַלאָוועל! איז טאַקע פאַראַן אזא גע־זעץ? — האָט זיך דער העכט געוואונדערט צום גאַלאָוועל.

— אַן אלטער, שוין פאַרגעסענער, — האָט זיך דער גאַלאָ־וועל פלינק ארויסגעדרעהט.

— איך האָב געוואוסט, אז עס קען אזא געזעץ ניט זיין. נו, און וואָס נאָך ערוואַרטסט דו, קאראס, יעדע שעה?

— איך ערוואַרט אויך, אז גערעכטיגקייט וועט ענדליך טרי־אומפירען. די שטאַרקע וועלען ניט דריקען די שוואַכע, די רייכע

וועלען ניט שטיקען די ארימע. דו, העכט, ביזט שטארקער און פלינקער פון אלעמען ; וועסטו טאקי אויף זיך נעהמען מעהר און שווערערע ארבייט ; און מיר, דעם קאראס, וועט מען, לויט מיינע כחות און פעהיגקייטען באשטימען עפעס אן אנדער ארבייט, יעדער פאר אלעמען און אלע פאר יעדען — אזוי וועט עס זיין. ווען מיר וועלען שטעהן איינער פאר דעם אנדערען, וועט קיינער ניט קענען אונז בייקומען און אפנארען. ווי נאר דער וואלאק וועט זיך באווייזען, וועלען מיר מאכען א פליטה ! ווער אונטער א שטיין, ווער צום סאמע גרונט פון זומפ, ווער אין א לאך, ווער אין א נארע. און די מענשען וועלען מוזען אויפגעבען זייער באליעבט מאכל — פיש־יויך.

— איך וויים ניט. די מענשען גיבען נישט גערן אויף זאכען, וועלכע זיי האבען ליעב. אבער דאס וועט דאך ערשט דעמאלט זיין — אדער יא, אדער ניט. אבער זאג מיר אט וואס : וועל איך, הייסט עס, אויך דארפען ארבייטען ?

— דו אויך, מיט אלעמען צוגלייך.

— איך הער דאס דעם ערשטען מאל. געה שלאף זיך אוים !

צי דער קאראס האט זיך אויסגעשלאפען צי ניט, אבער קיין שכל איז איהם ניט צוגעקומען. מיטאג צייט איז ער ווידער געקומען צום ויכוח, און ניט נאר אהן וועלכען ס׳איז שרעק, נאר נאך מונטערער און פרעהליכערער ווי פריהער.

— דענקסטו, הייסט עס, אז איך וועל אנהויבען ארבייטען, און דו וועסט געניסען פון מיין ארבייט ? — האט דער העכט אוועקגעשטעלט די פראגע דירעקט.

— איינער וועט געניסען פון דעם אנדערען... פון אלגעמיינער, געמיינשאפטליכער ארבייט.

— איך פארשטעה : „איינער פון דעם אנדערען" און פון מיר אויך דערוויל... הם ! מיר דאכט זיך אבער, אז דו רעדסט חוצפה׳דיגע רייד. גאלאוועל ! ווי אזוי רופט מען אזעלכע רייד אויף דער היינט־מאדיגער שפראך ?

— ציציליזם, מיין האר !

— אזוי האב איך טאקע געדענקט. כ׳האב שוין פון לאנג געהערט זאגען, אז דער קאראס רעדט סראמאלנע רייד. אבער איך

טראַכט זיך : לאָמיך בעסער אליין הערען... ביזטו דאָס אזא חברה־מאַן, הייסט עס !

דאָס ארויסזאָגענדיג, האָט דער העכט אזוי אויסדריקליך א פאַטש געטאָן מיט'ן עק איבער'ן וואסער, אז דער קאראס, ווי נאַאיוו ער איז ניט געווען, האָט זיך אויך אָנגעשטויסען.

— איך האָב, הער העכט, גאָרניט געמיינט, — האָט ער אויסגעשטאַמעלט א צוטומעלטער, — דאָס האָב איך, אוים נאַרישקייט...

— יאָ, יאָ. א נאַר איז ערגער פון א גנב, זאָגט מען. ווען מען זאָל אלע נאַראָנים לאָזען טאָן וואָס זיי ווילען, וועלען זיי די חכמים פון דער וועלט אומברייננגען. מען האָט מיר פון דיר אָנדערצעהלט דריי זעק, אָבער איך זעה, אז דו ביזט א קאראס ווי אלע קאראסען, און דאָס אלעס. איך האָב מיט דיר נאָך קיין פינף מינוט ניט גערעדט, און דו ביזט מיר שוין דערעסען ביז צום טויט.

דער העכט האָט זיך פאַרטראַכט און האָט א ווארף געטאָן א מיסטעריעזען בליק אויפ'ן קאראס. דער קאראס האָט דעם מאָל דעם בליק פארשטאַנען. אָבער ווייזט אוים, אז דער העכט איז נאָך זאט געווען פון זיין נעכטיגען מאָלצייט, ווייל ער האָט א גענ־ניץ געטאָן און איז באלד איינגעשלאָפען.

אָבער דעם מאָל איז דער קאראס ניט אָפּגעקומען מיט שרעק אליין. ווי נאָר דער העכט איז אנשוויינגען געוואָרען, האָבען איהם פון אלע זייטען ארומגערינגעלט גאָלאָוועלען און איהם גענומען „פּאָד קאראַאול“.

אין אבענד, נאָר וואָס די זון איז פארגאַנגען, איז דער קאראס צום דריטען מאָל געקומען צום העכט צו האַלטען א ויכוח. אָבער געקומען איז ער שוין אונטער א וואַך און דערצו נאָך א ביסעל א באַשעדיגטער. דער אָקון האָט איהם אויף דעם „דאפּראָס“ צובי־סען דעם רוקען און אָפּגעביסען א שטיק עק.

אָבער ער האָט נאָך זיין מוט ניט פארלאָרען, ווייל ער האָט נאָך אלץ געהאַט אין זאַפּאַס דאָס צויבערוואָרט.

— כאָטש דו ווידערשפּעניגסט מיר, — האָט דער העכט אָנגעהויבען, אָבער אזא שוואַכקייט האָב איך שוין, איך האָב ליעב ויכוחים. נו, הויב אָן !

דאָ האָט זיך ביים קאראס אָנגעצונדען דאָס הארץ. אין אַן אויגענבליק האָט ער איינגעצויגען דעם בויך, אַ פּאַטש געטאָן אי־בער׳ן וואסער מיט דעם אָפּגעביסענעם עק, און קוקענדיג דעם העכט גלייך אין די אויגען האָט ער מיט זיין גאַנצען כוח אויס־געשריען :

— ווייסטו וואָס טוגענד איז אזוינס ?

דער העכט האָט ברייט צועפּענט דאָס מויל פון ערשטוינונג. ער האָט מאַשינאַל אַ זופּ געטאָן וואסער, און גאָרניט ווילענדיג האָט ער דעם קאראס איינגעשלונגען.

די פיש וואָס זיינען געווען דערביי זיינען אויף אַ מינוט גע־בליבען ערשטוינטע, אָבער זיי זיינען באַלד געקומען צו זיך און אין איילעניש צוגעשוואומען צום העכט אויסצוגעפינען אויב ער האָט הנאה געהאַט פון זיין מאָלצייט. און דער קוילבארס, וועלכער האָט דאָס אַלעס פאָראויסגעזעהן און פאָראויסגעזאָגט, איז ארויס־געשוואומען פאָראויס און האָט פייערליך אויסגערופען :

— אָט אַזוי האַלט מען ביי אונז ויכוחים !

## דאָס וואַכענדיג אויג.

אין אַ ווייטען לאַנד, אין אַ ווייטער מדינה האָט אַמאָל גע־לעבט אַ פּראָקוראָר, און געהאַט האָט ער צוויי אויגען — איינס אַ שלומערדיגס און דאָס צווייטע אַ וואַכעדיגס. מיט דעם שלומערדי־גען אויג האָט ער גאָרניט געזעהן און מיט דעם וואַכענדיגען האָט ער געזעהן נאַרישקייטען.

אין יענער מדינה איז פון דור דורות געווען אַזוי איינגע־פיהרט: ווי נאָר ביי אַ בירגער איז געבוירען געוואָרען אַ אינגעל מיט צוויי אויגען, אַ שלומערדיגס און אַ וואַכענדיגס, פלעגט מען אין די קאַזיאָנע ביכער פאַרשרייבען אַז: „ביים בעל הבית קוראַליאָס פּראָקאַזניקאָוו, וואָס וואוינט אויף דעם זומפּ, איז געבאָרען געוואָרען אַ אינגעל מיט דעם נאָמען פּראָקוראָר.” און דאַן פלעגט מען וואַר־טען ביז דער אינגעל וועט אויסוואַקסען און ווערען אַ יונגערמאַן.

און אַזוי איז דאָ אויך געווען. קוים וואָס דער אינגעל איז פון דער ערד אויסגעוואַקסען, איז מען באַלד געקומען בעטען:

— זייט אַזוי גוט!

— מיט פאַרגעניגען. צייגט זיך ניט אפשר אין גיכען אַ סענאַט וואַקאַנסיע?

דער אינגעל האָט זיך אַ שטעל געטאָן אַזוי ווירדיג, האָט אַ קוק געטאָן אין שפּיגעל און זעהט: עפּעס אַ חכם קוקט פון דאָרט ארויס. ווער איז דאָס אַזוינס? טאַקי ער אַליין. גוט, הייסט עס. ער האָט קיין שלעכט וואָרט ניט געזאָגט, און זיך באַלד גענומען פאַר דער ארבייט: מיט דעם שלומערדיגען אויג זעהט ער גאָרניט און מיט דעם וואַכענדיגען זעהט ער נאַרישקייטען.

„איך בין דאָ, — זאָגט ער, — בלויז אויף אַ וויַיל, אויפ'ן וועג צום סענאַט, און דאָרט וועל איך ביידע אויגען צומאַכען, און

אַז גאָט וועט געבן, וועלן ביי מיר ביז דאַן די אויערן אויך פאַרלענגט ווערן".

די כאַבאַרניקעס, יאַבעדניקעס, הויט־שינדער, רויבער און גנבים האָבן דערזעהן, אַז דער אינגעל קוקט אויף זיי מיט דעם וואַכענדיגען אויג, האָבן זיי זיך דערשראָקן. זיי האָבן געטראַכט און געקלעהרט און האָבן אַלע באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די וואַכענדיגע זייט און זיך באַהאַלטן אונטער דעם שאָטן פון דעם פּראָקוראָר׳ס שלומערדיג אויג. און אויף דער וואַכענדיגער זייט איז אַלעס געטאָן געוואָרן אַזוי זויבער, ווי עס וואָלטן קיין הויט־שינדער און קיין גנבים גאָר אויף דער וועלט ניט געווען, — ווי עס וואָלטן געווען ניט מעהר ווי געוועהנליכע ליגנער, אוואַנטוריסטען, פאַררעטער און היפּאָקריטען, מיט וועמען דער פּראָקוראָר דאַרף אייגענטליך גאָרניט האָבן צו טאָן. און דער אינגעלע זעהט, אַז פאַר זיין איין וואַכענדיג אויג האָבן זיך פאַנאַנדערגעעפענט אַזוינע קלאָרע, ריינע האָריזאָנטען, און ער פרעהט זיך. ניט־שוין־זשע, דענקט ער, וועט די נאַטשאַלסטוואָ ניט נעהמען אין אַנבאַטראַכט זיין פלייסיגקייט?

און ער האָט גענומען מיט אַ פאַררוסענעם קאָפּ שפּאַצירען איבער דעם אַדמיניסטראַטיוו־ריכטערליכען פעלד. געהט און שרייט :

היט זיך! כ׳וועל אין אַ לעפעל וואַסער דערטרינקען!

זעהט ער אָבער: עס שטעהט אַ מענש און שרייט אויף אַלע קולות : מ׳האָט מיך באַראַבאַוועט ! גוואַלד !

נו, פאַרשטעהט זיך, געהט ער צו צום באַראַבעוועטען.

— דו אַזוינער און אַזוינער! וואָס שרייסטו אין מיטען גאַס! וואַרט, כ׳על דיר !...

— וואָס רעדט איהר, פּראָקוראָר קוראַליעסיטש, גנבים !

— וואו גנבים? וועלכע גנבים? וואָס דרעהסטו אַ קאָפּ!

עס זיינען קיין גנבים ניטאָ און ניט געווען (און זיי האָבן זיך ביי איהם אין נאָז־לאָך פון דער שלומערדיגער זייט באַהאַלטען!) דאָס טוסט דו אומיסטען, ליידיג־געהער־איינער, דאָס ווילכטו באַלעסטיגען די נאַטשאַלסטוואָ מיט קלאַגען וואָס פאַרדינען ניט קיין אויפמערקזאַמקייט... נעהמט איהם אונטער אַרעסט!

נעהט ער ווייטער און הערט : „די כאַבאַרניקעס, פּראָקוראָר

קוראַליעסימטש, לאָזען ניט לעבען! כאַבאַרניקעס! הויט־שינדער! אונ־
עהרליכע שופטים! פאַרברעכער!

— וואָס פאַר א כאַבאַרניקעס, וואָס פאַר א הויט־שינדער?
איך זעה קיינע כאַבאַרניקעס ניט! דאָס טוט איהר אומיסטען, אַזוי־
נע און אַזוינע וואָס איהר זייט, אום אונטער־צוגראָבען די אויטאָרי־
טעטען. אונטער אַרעסט!

געהט ער נאָך ווייטער און הערט: „מען צושלעפּט דאָס קאַ־
זיאָנע און געזעלשאַפטליך גוטס! וואָס קוקט איהר, פּראָקוראָר קור־
ראַליעסטיש, זעהט! אָט זיינען זיי דאָך, די רויבער, אָט!"

— וועלכע רויבער? ווער צושלעפּט דאָס קאַזיאָנע גוטס?

— אָט זיי! אָט זיינען זיי. אָט דער האָט אויף קאַזיאָנע געלד
א פּאַלאַץ אויפגעבויט, און אָט יענער האָט טויזענדער דעסיאַטין
ערד ביי דער קאַזנא אָוועקגע־גנב'עט.

— ס'איז א ליגען, דו אַזוינער און אַזוינער! דאָס זיינען ניט
קיין רויבער, דאָס זיינען אייגענטימער. זיי באַזיצען רוהיג זייער
פאַרמעגען, און האָבען אַלע דאָקומענטען פון אויבען־אויף. דאָס
שרייט איהר אומיסטען, ליידיג־געהער וואָס איהר זייט, אום אונ־
טערצוגראָבען דעם פּרינציפּ פון אייגענטום! אַרעסטירט איהם!

און וואָס ווייטער אַלץ מעהר. „דאָס ווייב יאָדעט דעם מאַן
פון אין דער פריה ביז ביינאַכט". „דער מאַן וועט זיין ווייב אין
דער ערד אריינטרייבען!" „איהר גיט אויף גאָרניט ניט אכטונג,
פּראָקוראָר קוראַליעסימטש!"

— ווער? איך גיב ניט אכטונג? ווייסטו אָבער וואָס פאַר אַן
אויג איך האָב? בלויז אייגם — אָבער אוי ווי ווייט איך זעה מיט
דעם! אַזוי ווייט, אז איך פאַרשטעה דיך, דעם טויגעניכטס, דורך
און דורך, און איך ווייס וואָס אייך, לומפּען, ווילט זיך: אונטער־
גראָבען דעם פאַמיליען־בונד. אַרעסטירען איהם!

מיט איין וואָרט, ער האָט אַלע זיילען אונטערזוכט און האָט
אויסגעפונען, אז זיי שטעהען אַלע פעסט, און אז די שרייער וועלען
זיי זיכער אונטערגראַבען, אויב מען וועט זיי ניט פאַרשטאָפּען דאָס
מויל. און אז עס איז געקומען צו די זיילען פון שטאַאַט, האָט דער
איינגעל אפילו רעדען ניט געוואָלט, שרייט בלויז ווי א ווילדער:
„נעהמט איהם! בינדט איהם! פאַרמויערען! באַגראָבען א לעבעדי־

נען!" אַליין שרייט ער און דאָס וואַכענדיג אויג דרעהט זיך ביי איהם ווי א ראָד.

אזוי לעבט זיך דער אינגעל טאָג איין, טאָג אויס — הינט אַפּ די זיילען. און אין אבענד גיעהט ער אהיים זיך אָפּרוהען. לעגט זיך אריין אין בעט אריין און טראַכט זיך: „אַלעס האָב איך ערפילט ווי דער נאַטשאַלסטוואָ ווילט זיך. די כאַבאַרניקעס, די הויט־שינדער, די רויבער, די פארברעכער האָב איך מיט דער הילף פון מיין וואַכענדיג אויג צוזייט, און מיט די אונטערגראָבער, וואָס באַלעסטיגען די נאַטשאַלסטוואָ מיט ניט־זאַכליכע קלאַגען, האָב איך זיך באַזונדער ספּראַוועט. ריין, אנשטענדיג! איך האָף, אז די נאַטשאַלסטוואָ וועט מיינע פארדינסטען ווי געהעריג אָפּשאַצען".

— וואָס זאָל איך, א שטייגער, פארלאַנגען? — רעדט ער צו זיך אַליין. — אין סענאַט אריין, אפשר... הער איך נאָך אָבער אויף איין אויער, און דער סענאַט וועט פון מיר ניט אַנטלויפען. אָט, ווען, צום ביישפּיעל... אפילו ניט איצט, נאָר מיט דער צייט... ווען איך זאָל... אָבער ניין, סיידען איך זאָל שוין ניט קענען שמעקען אויך. ניין, אין דער נאָהענטער צוקונפט וואָס פעהלט מיר אזוינס?

געטראַכט, געטראַכט, און אויסגעטראַכט. „חתונה האָבען וואָס גיכער — אָט וואָס איך דאַרף!"

און אזוי ווי ער האָט גענומען זוכען א כלה מיט דעם וואַכענדיגען אויג, האָט ער, פארשטעהט זיך, לאַנג ניט געזוכט. ער האָט געפונען די פריילין אגריפּינע, וואס איז געוועזן אזוי שעהן, אז עס איז נישט מיט א פען צו באַשרייבען, ניט אין א מעשה צו דערציילען. און נדן האָט זי געהאַט צוויי הונדערט טויזענד רובעל.

חתונה געהאַט. אָפּגעפּראַוועט א חתונה אין דעם שעהנסטען רעסטאָראַנט, אויף דעם שעהנסטען אופן און געקומען א היים. אָבער דער אינגעל גיט א קוק — זיין יונג ווייבעל באַהאַלט זיך עפּעס אין דעם שאָטען פון זיין שלומערדיג אויג. זיך באַהאַלטען און נישט נעבליבען. „אגריפּינע, וואו ביזטו?"

— ערשטענס, בין איך ניט אגריפּינע, נאָר אגאַפיע, און מיין געבורטס־טאָג איז דעם פינפטען פעוורואַל.

דער אינגעל איז אזש בלייך געוואָרען פון שרעק. איז דאָס

מעגליך אז די גישט־גוטע האָבען זיך אין זיין קאריערע אריינגע־מישט?

— באווייז זיך, אגאפיע — האָט ער ארויסגערעדט.

ער גיט א קוק — אגאפיע, פונקט ווי ער אליין, האָט איין אויג א וואכענדיגס און דאָס אנדערע א שלומערדיגס.

בלויז ביי איהם איז דאס וואכענדיג אויג אויף דער רעכטער זייט און ביי איהר אויף דער לינקער. אזוי ווי דער שיקזאל אליין וואָלט זיי אָנגעצייכענט צוזאַמען דורכצומאַכען די פּראָקוראָר־דיענסט.

— און נדן האָסטו?

— קיין נדן האָב איך ניט, בלויז א וואכענדיג אויג, דאָס אלעס.

— א, שדים זאָלען דאָס נעהמען, אלץ מיט אנאנדער! געווען אגריפּינע און מיט אמאָל געווארען אגאפיע! ער האָט אָנגעהויבען זוכען און פארשען, ווי אזוי אזא זאך האָט געקאָנט פּארקומען, און עס האָט זיך ארויסגעוויזען צו זיין גאַנץ פּשוט: אין דער צייט ווען ער האָט מיט דעם וואכענדיגען אויג געקוקט אויף א זייט, איז אגריפּינע אוועק אויף א ווייל און חתונה געהאט מיט אן אפיציר. און ער האָט גענומען . . . אגאפיע!

אָבער פארפאלען. ניט אומזיסט האָט ער א חתונה געפּראוועט און גוטע געלד באצאָהלט. — מען דארף ווי עס איז לעבען. האָבען זיי זיך געלעגט שלאָפען און קוקען זיך ביידע אן מיט די וואכענדיגע אויגען — אזש א סקרוך געהט איהם איבער איבער'ן לייב. און איהר פארקעהרט, איז דאס גראדע אנגענעהם.

— ביזט א מכשפה צו וואָס? — פרעגט ער איהר, — זאָג דעם אמת.

— נישט קיין מכשפה בין איך, נאָר דיין געזעצליכע פרוי. און ביז אהער האָב איך געהאנדעלט מיט גע'גנב'עטע זאַקען.

— וואָס הייסט, מיט גע'גנב'עטע? ווי אזוי האָב איך דיך ניט געכאפּט?

— א ניט קענסטו דען אימיצען כאפּען? קוקסט מיט'ן אויג אין איין זייט, און וואָס עס טוט זיך ביי דיר אונטער דער לינקער נאָזלאָך, דאָס זעהסטו ניט.

— נו, אויב אַזוי, לאָמיר זיך נעהמען ביידע כאַפּען גנבים. איך רעכטס און דו לינקס.

מיט איין וואָרט, זיי האָבען זיך אַזוי גוט איינגעאָרדענט, אַז אין אַ יאָהר ארום איז ביי זיי געבוירען געוואָרען אַ זוהן, אויך מיט איין וואכענדיגען אויג.

— ס׳אַרא מאָדנער ! — האָט דער אינגעל אויסגעשריען, ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין ערשט קינד.

דאָ איז איהם צום ערשטען מאָל איינגעפאַלען, אַז ווי טייער אַ וואכענדיג אויג זאָל ניט זיין, זיינען צוויי געוועהנליכע אויגען נאָך טייערער.

און זיין דיענסט איז דערווייל אָנגעגאַנגען אויף אַ נאָרמאַלען אופן. ביסלעכווייז האָט ער אַלע טורמעס אָנגעפילט מיט שרייער, און די כאַבאַרניקעס, רויבער, קאָנצעסיאָנערען און אַנדערע אמת׳ע אויפטרייסלער האָבען דערווייל געלעבט אין וואוילטאָג אין דעם שאָטען פון זיין שלומערדיג אויג.

עס איז אַוועק אַ שטיק צייט, צי אַ סך, צי אַביסעל, ווייסט מען ניט, אָבער ביסלעכווייז האָט ער אָנגעהויבען אויף ביידע אויערען ניט דערהערען. און אַפילו זיין וואכענדיג אויג האָט זיך אויך אָנ־געהויבען צונויפקלעפען. די סאַמע רעכטע צייט, הייסט עס, אין סענאַט אריין, איידער ער האָט נאָך ניט אָנגעוואָרען דעם חוש פון שמעקען.

ער הערט... מען רופט איהם.

ער האָט אָנגעטאָן אַ פלאַנעלען לייבעל, וואָלענע זאָקען און וואַלענקעס אויף די פיס ארויפגעצויגען ; פארשטעקט די אויערען מיט קלאַטשע, איינגעריבען זיך מיט קאַמפאָר־אויל, זיך איינגע־הילט אין אַ פוטער, און אַגאַפיע האָט איהם אויף דעם פוטער נאָך מיט אַ וואָלענעם שאַליק איינגעבונדען. און ער איז אַוועק אין סע־נאַט. געהט און קלעהרט: וואָס פאַר אַ חלום וועט זיך איהם חלום׳ען זיצענדיג דעם ערשטען מאָל אין סענאַט.

אָבער דאָ האָט פּאַסירט עטוואס אונערוואַרטעטעס. בעת ער האָט מיט זיין וואכענדיגען אויג געקוקט אַלץ רעכטס און רעכטס האָט דער סענאַט גענומען און פארקירעוועט לינקס און זיך גע־האַלטען אויף דער שלומערדיגער זייט. געהט זיך פּראָקוראָר קורא־

ליעסטיש — שמעקט די לופט, און קנאקט מיט'ן צונג, און טאפּט אפילו מיט די הענד—קען פאר קיין פאל דעם סענאט ניט אַנטאַפּען.

ענדליך זעהט ער א גאַראַדאַוואַי נאַטירליך, געהט ער צו.

אזוי און אזוי, ברודערקע, ווייסטו אפשר ניט וואו דער סענאט איז אהינגעקומען ?

דער גאַראַדאַוואַי האָט אויף איהם א קוק געטאָן און באלד פארשטאַנען ווער דאס איז.

— כ'ווייס, — זאָגט ער, — אָט איז דער סענאט. אָט שטעהט ער און שפּיעלט אין דער זון, און גיט אכטונג, טאָמער וועט עפּעס א קונדעס דעם געזעץ איבערטרעטען. אָבער ניט פאר אַלעמען איז ביי אונז פאראַן פּלאַץ אין סענאט. דו, א שטיינער, האָסט דיין גאַנצע לעבען געקוקט און געקוקט מיט דיין וואכענדיג אויג און גאָר־נישט געזעהן, און היינטיגע צייטען איז פארבאָטען אַזעלכע אהער אריינצוצועצען. קעהר זיך בעסער אום א היים, קאַליקע וואָס דו ביזט; נעהם ארונטער די וואַלענקעס, רייב אוים די אויגען, וואַש אוים די אויערען און געה לעג זיך מיט דיין פּראקוראריכע אויפ'ן אויוועז שלאָפען. און ביי אונז איז היינט אזוי איינגעפיהרט, אז דער קאָפּ און אַלע אַנדערע אברים — אַלעס מוז זיין אויפ'ן אָרט, ווי עס געהערט, און די אויגען און אויערען מוזען זיין ברייט צו־עפענט.

קוראַליעסיטש איז טאקע ניט אַנגעקומען אין סענאט אריין.

## קריסטוס־נאַכט.
(אַ לעגענדע)

דאָס פֿלאַכלאַנד ליגט נאָך פֿארגליווערט, אבער אין דעם טיע־פֿען שטיל־שווייגען פֿון דער נאַכט, אונטער דעם שנייענעם דעק־טוך, הערט זיך שוין דאָס מורמלען פֿון די ערוואַכענדע שטראָמען. אין די שלוכטען און גריבער געהט שוין דאָס מורמלען אריבער אין אַ טעמפּען גערויש, וועלכער ווארענט דעם רייזענדען, אז דער וועג איז דאָ שוין אונטערגעגראבען פֿון שנעע־שטראָמען. אבער דער וואלד שווייגט נאָך, אונטער דעם דרוק פֿון שנעע, ווי אַ פֿאַנטאַס־טישער ריעז אונטער אַן אייזערנער היטעל. דער פֿינסטערער הי־מעל איז באדעקט מיט שטערען, וואָס גיסען אויף דער ערד אַ קאַלט, פֿינקעלדיג ליכט. אין דעם טוישענדען פֿינקלען שימערען די טרויער־פֿינטעלאך פֿון די דערפֿער, וואָס זיינען פֿארזונקען אין בערג שנעע. אַ שטעמפּעל פֿון יתום׳דיגקייט, פֿארוואַרפֿענקייט און ארימקייט האָט זיך אוועקגעלעגט אויף דעם שטאַרען פֿלאַכלאַנד און אויף דעם שטומען וועג, וואָס ליגט צווישען די דערפֿער. אַלעס איז איינגעשמידט, הילפֿלאָז און שטום, אזוי ווי צודריקט פֿון אַן אונ־זיכטבארען, אָבער גרויזאַמען יאָך.

אבער אָט האָט זיך פֿון איין עק פֿלאַכלאַנד דערהערט דאָס חזשען פֿון דעם מיט־נאַכט גלאָק. אנטקעגען איהם, פֿון דעם צוויי־טען עק, האָט זיך גענומען טראָגען דאָס זשומען פֿון נאָך אַ גלאָק, און נאָך איהם — אַ דריטער און אַ פֿערטער. אויף דעם פֿינס־טערען הינטערגרונד פֿון דער נאַכט האָבען זיך אויסגעקריצט די גליהענדע שפּיצען פֿון די קירכען, און דער געגענד האָט מיט אמאָל אויפֿגעלעבט. מענגעס דארפֿסלייט האָבען זיך גענומען ציהען איבער דעם וועג. פֿאַראוים זיינען געגאַנגען פֿארבלאָזע, אבגע־בליאַקעוועטע מענשען, פֿארמוטשעט פֿון לעבען און פֿון אָרימקייט,

מיט צוריסענע הערצער און ארויסגעלאָזטע קעפ. זיי האָבן גע־
טראָגן אין טעמפּעל אריין זייער דעמוטיקייט און זייערע תפילות.
דאָס איז געווען אַלעס, וואָס זיי האָבן געקענט געבען דעם ווידער־
געבוירענעם גאָט. הינטער זיי, פון דער ווייטענס, זיינען גע־
גאַנגען, אין יום־טוב'דיגע קליידער, די דאָרפס־גבירים, די קולאַ־
קעס און הערשער פון דאָרף. זיי האָבן פרעהליך געשמועסט
צווישען זיך און האָבן געטראָגן אין טעמפּעל אריין זייערע טרוי־
מען וועגען דעם פאַרשטעהענדען יום טוב פון פרייד און יובעל.
אָבער באַלד איז דער עולם פאַרשוואונדען אין דער טיעפעניש
פון דעם וועג; עס איז אנשווייגען געוואָרען אין דער לופט דער
לעצטער שלאַג פון דעם רוף־גלאָק, און אַלעס איז ווידער פייער־
ליך שטיל געווארען.

א טיעפע געהיימענים האָט זיך דערפיהלט אין דעם פלוצים־
דיגען אויפהערען פון דעם גערודער. אזוי ווי נאָך דער שטילקייט
האָט געדאַרפט קומען דער נס, וואס וועט איינהויכען לעבען און
אויפלעבונג. און ווירקליך: קוים האָט דער מזרח זיך אָנגעהוי־
בען רויטלען, ווי דער דערמאָנטער נס איז געקומען. עס איז
אויפגעשטאַנען תחית המתים דער פארלעסטערטער און געקרייציג־
טער גאָט! עס איז צום לעבען געקומען דער גאָט, צו וועלכען די
ערביטערטע און אָנגעוועהטאָגטע הערצער שרייען פון דור דורות:
„קום ניכער, אונזער האר!“

גאָט איז ווידער־געבוירען געוואָרען און האָט מיט זיך אָנ־
געפילט דעם וועלט־אַל. די ברייטע סטעפּ איז איהם אויפגעשטאַ־
נען אנטקעגען מיט אַלע איהרע שנייען און שטורמען. נאָך דער
סטעפּ איז געקומען דער וואַלד, וואָס האָט ווי דערפיהלט דעם
אויפגעלעבטען. די שטאַרקע סאָסנעס האָבן אויסגע־
שטרעקט צום הימעל זייערע מאכנאַטע צווייגען. די הונדערט־
יעהריגע טאַנען־בוימער האָבן אָנגעהויבען מיט זייערע שפּיצען
צו סקריפּען; די שלוכען און די טייכען האָבן אָנגעהויבען רוי־
שען; פון די לעכער און די נאָרעס זיינען ארויסגעלאָפען די
חיות; די פויגעל זיינען ארויסגעפלויגען פון זייערע נעסטען. אַלע
האָבן דערפיהלט, אז פון דער טיעפעניש קומט עפּעס ליכטיגס,

מעכטיגס, וואָס טריפט מיט ליכט און וואַרימקייט, און אַלע האָבען געשריען מיט געבעט : „ביזטו דאָס, גאָט אונזערער?"

דער האַר האָט געבענשט די ערד און די וואַסערען, די חיות און פויגעל און צו זיי אַזוי געזאָגט :

„שלום עליכם ! איך האָב אייך געבראַכט פריהלינג, וואַרימקייט און ליכט. איך וועל אַרונטערנעהמען פון די טייכען די אייז־קייטען, איך וועל אָנטאָן די סטעפּ אין אַ גרינעם קיטעל, איך וועל אָנפילען דעם וואַלד מיט געזאַנג און דופטען. איך וועל די חיות און די פויגעל אָנזעטיגען און וועל אָנפילען די נאַטור מיט יובעל. זאָלען איהרע געזעצען זיין מילד צו אייך; זאָל זי פאַר יעדען גרעזעל, פאַר דעם קלענסטען פליגעלע אָנצייכנען אַ צירקעל, אין וועלכען זיי וועלען בלייבען טריי צו זייער געבוירע־נעם באַרוף. איהר וועט ניט גע'משפּט ווערען, ווייל איהר ער־פילט בלויז דאָס, וואָס איז אייך אָנגעצייכענט געוואָרען אין דעם אָנהויב פון צייט. דער מענש פיהרט אַ שטענדיגען קאַמף מיט דער נאַטור, אַריינדרינגענדיג אין איהרע געהיימניסען, און זעהט ניט קיין סוף צו זיין אַרבייט. ער קאָן זיך אָהן די דאָזיגע גע־היימניסען ניט באַנעהן, ווייל זיי זיינען די אומפאַרמיידליכע באַ־דינגונגען פון זיין וואוילזיין און ערפאָלג. אָבער די נאַטור איז פאַר זיך אַליין גענוגענד, און אין דעם איז איהר פאָרצוג. עס מאַכט ניט, וואָס דער מענש דרינגט אַריין ביסלעכווייז אין איהרע טיע־פענישען — ער אונטערטעניגט זיך בלויז די איינצעלנע אַטאָמען, די נאַטור אָבער בלייבט שטעהן פאַר איהם אין איהר אוראַלטער אונצוגענגליכקייט און וואַרפט אויף איהם אַרויף אַן עהרפורכט מיט איהר אַלמעכטיגקייט. שלום עליכם, סטעפּען און וועלדער, חיות און פויגעל ! און זאָלען די שטראַהלען פון מיין ווידערגע־בורט אייך דערוואַרימען און צום לעבען ברענגען !"

נאָך דעם, ווי ער האָט געבענשט די נאַטור, האָט דער אויפגעשטאַנענער זיך געווענדט צו די מענשען. די ערשטע זיינען איהם אַרויסגעקומען אַנטקעגען די באַטריעבטע מענ־שען, איינגעבויגען פון דעם יאָך פון אַרבייט און צודריקט פון נויט און עלענד. און ווען ער האָט געזאָגט צו זיי : „שלום עליכם !"

האָבען זיי אָנגעפילט די לופט מיט לויכצען און געוויין, און גע־פאלען כוראים, מיט אַ שטומען געבעט, ער זאָל זיי ערלייזען.

און דאס הארץ פון דעם א ו י פ ג ע ש ט א נ ע נ ע ם איז ווידער אמאָל פארוואָלקענט געווארען מיט דעם טוידליכען טרויער, וואס האָט איבערפילט זיין הארץ, ווען ער האָט געווארט אויף דעם ב ע כ ע ר, וואָס איז פאר איהם צוגעגרייט געווארען. די גאַנ־צע פיעל־ליידענדע מחנה, וועלכע איז פאר איהם געפאלען כוראים, האָט געטראגען די משא פון לעבען פון ז י י ן נ אָ מ ע ן וועגען; דאָס האָבען זיי די ערשטע זיך איינגעהערט אין זיין וו אָ ר ט און אויף אייביג פארזיגעלט עס אין זייערע הערצער. אַלעמען האָט ער זיי געזעהן פון דעם גאָלגאָטהע־שפּיץ, ווי זיי האָבען זיך געצאַפּעלט פון דער ווייטענס, איינגעהילט אין שקלאַ־פען־נעצען, און אַלעמען האָט ער זיי געבענשט, לאַנגזאַם שפּאַנ־ענדיג איבער דעם קרייץ־וועג, און אַלעמען האָט ער צוגעזאָגט באַ־פרייאונג. און פון דאן אָן דורשטען זיי אַלע נאָך איהם און רייּ־סען זיך צו איהם. און מיט אונענדליכען גלויבען שטרעקען זיי אַלע אוים די הענד צו איהם: „גאָט, אונזער האר! דו ביזט דאָס?“

„יאָ, דאָס בין איך, — האָט ער צו זיי געזאָגט. — „איך האָב צוריסען די קייטען פון טויט, אום צו קומען צו אייך, דיענער מיינע טרייע, מיטליידענדע מיינע טייערע! איך בין תמיד מיט אייך, און אומעטום, וואו אייער בלוט איז פארגאסען, דארט איז אויך מיין בלוט פארגאסען, אויסגעמישט מיט אייערען. מיט ריינע הערצער האָט איהר געגלויבט אין מיר נאָר דערפאר, וואָס מיין פרעדיגען ענטהאַלט אין זיך דעם אמת, אָהן וועלכען די וועלט איז אַ כלי, וואָס האלט אין זיך פארניכטונג און אַן אונענדליכען גהינום. ליעב גאָט און ליעב דיין נאָהענטען ווי זיך אַליין — אָט דאָס איז דער אמת, אין זיין גאַנצער קלאָרקייט און לויטער־קייט, און ער איז אַם מעהרסטען צוגענגליך ניט פאר די גאָט־פאַרשער און די פרומאַקעס, נאָר גראדע פאר אייך, פּשוט׳ע און באַטריבטע הערצער. איהר גלויבט אין דעם אמת, און וואַרט אויף דער צייט, ווען ער וועט מקוים ווערען. זומער, אונטער די שטראהלען פון דער ברענענדער זון, ביים אַקער, דיענט איהר

איהם ; ווינטער, אין די לאנגע אבענדען, ביי דעם ליכט פון דעם
קנויטעל, ביים אָרימען אָבענד־ברויט, לערענט איהר איהם אייערע
קינדער. ווי קורץ דער אמת זאל ניט זיין, שליסט ער פאר אייך
איין דעם זין פון לעבען, און איז פאר אייך אַן אונערשעפּליכער
קוואַל פון נייע און נייע האָפנונגען. מיט דעם דאָזיגען אמת
שטעהט איהר אויף אין דער פריה, מיט איהם לעגט איהר זיך
שלאָפען ביי נאכט, און איהם ברענגט איהר אויף מיין מזבח אלס
טרעהרען און געבעט, וועלכע צושמעלצען מיין הארץ און זיינען
מיר ליעבער ווי דער דופט פון ווייררויך. ווייסט־זשע : כאָטש קיי־
נער ווייסט ניט, ווען אייער שעה וועט שלאָגען, איז זי אבער שוין
נאָהענט. עס וועט קומען די געווינשטע שעה, און עס וועט זיך
באווייזען דאָס ליכט, וואָס קיין פינסטערניש וועט ניט בייקומען.
און איהר וועט פון זיך ארונטערוואַרפען דעם יאָך פון אנגסט, נויט
און עלענד, וואָס דריקט און פייניגט אייך. איך זאָג דאָס אייך
נאָך אמאָל, און ווי אמאָל פון דעם בארג גאָלגאָטהע האָב איך
אייך געבענשט אויף דער ערוועקונג פון די נשמות אייערע, אזוי
בענש איך אייך איצט אויף א נייעם לעבען אין דעם קעניגרייך
פון ליכט, גוטסקייט און אמת. און זאָלען אייערע הערצער ניט
פארפיהרט ווערען פון באטריגענדע ווערטער, נאָר זאָלען זיי בלייי־
בען ריין און איינפאך ווי ביז אהער, און זאָל מיין וואָרט זיין
דער אמת. שלום עליכם !

דער ערוואכטער איז געגאַנגען ווייטער און האָט באגעגענט
אויף זיין וועג אַנדערע מענשען. דאָרט זיינען געווען אי גבירים, אי
קולאַקעס, אי „מיראָיעדען", אי גרויזאמע הערשער, אי מערדער,
אי היפּאָקריטען, אי פרומאַקעס, אי אונעהרליכע שופטים. אלע
זיינען זיי געגאַנגען מיט הערצער אָנגעפילט מיט נישמיגקייט, גע־
רעדט פרעהליך צווישען זיך, געהענדיג ואנטקעגען ניט דעם ו ו י ־
ד ע ר ג ע ב ו ר ט נאָר דעם קומענדיגען יום טוב׳דיגען עבל
עבלים. אבער אויך זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט און מבולבול גע־
ווארען, ווען זיי האָבען דערפיהלט, אז דער ו ו י ד ע ר ־ ג ע ב ו י ־
ר ע נ ע ר קומט אָן.

און ער האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט און צו זיי געזאָגט :
„איהר זיינט די מענשען פון היינטיגער צייט און ווערט

געפיהרט פון דעם גייסט פון דער צייט. ערוועררבונג און מאכט־לוסט — אט דאס איז די טרייב־קראפט פון אייערע טאטען. דאס שלעכטס האט אנגעפילט אין גאנצען דעם אינהאלט פון אייער לע־בען, אבער איהר טראגט אזוי גרינג דעם יאך פון שלעכטס, אז קיין איין סקרופעל פון אייער געוויסען האט ניט א ציטער געטאן פאר דער צוקונפט, וואס דער דאזיגער יאך גרייט פאר אייך צו. אלעס, וואס רינגעלט אייך ארום, ווייזט זיך אייך אויס אזוי ווי בארופען אייך צו דיענען. אבער ניט דערפאר האט איהר באהערשט די וועלט, וואס איהר אליין זענט שטארק, נאר דערפאר, וואס איהר האט אייער מאכט געקראגען בירושה פו אייערע עלטערען. זייט דאן זענט איהר באשיצט פון אלע זייטען און די הערשער פון דער וועלט באטראכטען אייך פאר אייביגע. זייט דאן געהט איהר מיט פייער און שווערד אלץ פאראויס און פאראויס; איהר גנב'עט און הרג'עט, איהר זייט עובר אומבאשטראפט די געזע־צען פון גאט און פון מענשען, און באריהמט זיך, אז דאס איז זאס רעכט, וואס איהר האט מיט דורות און דורות צוריק געקרא־גען בירושה. אבער איך זאג אייך: עס וועט קומען א צייט — און די צייט איז ניט ווייט — ווען אייערע טרוימען וועלען צוזעהט ווערען ווי שטויב. די שוואכע וועלען אויך דערפיהלען זייער מאכט; און איהר — איהר וועט דערפיהלען אייער נישטיגקייט פנים אל פנים מיט זייער מאכט. האט איהר אמאל פאראויסגע־זעהן אט די גרויזאמע שעה? האט אמאל די מעגליכקייט פון איהר קומען אייך געמאכט אומרוהיג פאר זיך אליין און פאר איי־ערע קינדער?"

די זינדיגע האבען געשוויגען. זיי זיינען געשטאנען מיט אראפגעלאזטע קעפ, אזוי ווי זיי וואלטען ערווארטעט נאך ערגערעס. און דער ווידערגעבוירענער האט ווייטער גערעדט:

„אין דעם נאמען פון מיין אויפלעבונג עפען איך אויך פאר אייך דעם וועג פאר רעטונג. דער דאזיגער וועג איז דער משפט פון אייער אייגענעם געוויסען. ער וועט פאר אייך ענטפלעקען אייער פארגאנגענהייט אין איהר גאנצער נאקעטקייט; ער וועט ארויסרופען די שאטענס פון די, וואס איהר האט אומגעבראכט, און וועט זיי אוועקשטעלען ביי אייך צוקאפענס. א ציינער־קריצעניש

וועט אָנפילען אייערע הייזער; די פרויען וועלען ניט דערקענען זייערע מענער, די קינדער — זייערע פאטערס. אבער ווען איי־ערע הערצער וועלען איינגעשרומפט ווערען פון טרויער און אנגסט, ווען אייער געוויסען וועט איבערפילט ווערען, ווי א בעכער, וואס קען ניט האלטען די איבערפליסענדע ביטערקייט, — דאן וועלען די שאָטענס פון די אומגעבראכטע מיט אייך שלום מאכען און וועלען פאר אייך עפענען דעם וועג צו אייער רעטונג. און עס ווע־לען דאן ניט זיין ניט קיין גנבים און ניט קיין אומברענגער, נישט קיין ריכטער וואס נעהמען שחד און נישט קיין פרומאקעס, נישט קיין אונטערדריקער און נישט קיין בייזע הערשער, און אלע צו־זאמען וועלען זיך פרעהליך מאכען ביי מיר אויף דער סעודה. נעהט־זשע און ווייסט, אז מיין וואָרט איז — אמת!"

אין דער זעלבער מינוט האָט אָנגעהויבען רויט ווערען אין מזרח זייט, און אין דער שיטער־ווערענדיגער פינסטערניש פון וואלד האָט זיך אויסגעקריצט א העסליכע מענשליכע מאסע, וואס איז געהאנגען אויף א הויכען בוים. דער קאָפּ פון דעם מענשען, וואָס האָט זיך אויפגעהאנגען, כמעט אָפּגעריסען פון דעם קערפער, איז אַרונטערגעהאנגען; די ראָבען האָבען שוין אויסגעפיקט זיינע אויגען און אויפגעפרעסען זיינע באקען. דער קערפער איז ער־טערווייז געווען ענטבלויזט, און עס האָבען זיך דארט געזעהן פוי־לענדע וואונדען. דער ווינד האָט געוויעגט די אראפּגעהאנגענע אָרעמס. מעננעם רויב־פויגעל האָבען זיך גערדרעהט ארום דעם קערפער, און די דרייסטערע פון זיי זיינען אָנגעגאנגען מיט דער צושטערונגס־ארבייט.

דאָס איז געווען די טאט פון א פאררעטער, וועלכער האָט אליין איבער זיך אויסגעפיהרט דעם פסק־דין פון זיין געוויסען.

אַלע האָבען זיך מיט שרעק און עקעל אָפּגעקעהרט פון דעם בילד; די אויגען פון דעם אויפגעשטאנענעם האָ־בען זיך אָנגעצונדען מיט צאָרן.

„אָה, פאררעטער! — האָט ער געזאָגט. — „דו האָסט גע־מיינט, אז מיט דיין פרייוויליגען טויט וועסטו זיך באפרייען פון דעם פארראט וואס דריקט דיך; דו האָסט באלד פארשטאַנען דיין שאַנד און האָסט זיך געהיילט אונטערצופיהרען א חשבון מיט

דיין שענדליכען לעבען. דער פארברעכען איז פאר דיר פארגע־
שטאנען אזוי קלאר, אז דו האסט מיט שרעק אפגעטראטען פון
דער אלגעמיינער פאראכטונג און האסט בעסער אויסגעקליבען אומ־
צוברענגען דיין נשמה. „איין אויגענבליק", האסטו צו זיך גע־
זאגט, און מיין נשמה, וועט פארזונקען ווערען אין אן אונענדליכער
פינסטערניש, און צו מיין הארצען וועלען ניט קענען צוקומען קיין
געוויסענסביסען". דאס וועט אבער ניט זיין אזוי. געה ארונ־
טער פון בוים, פאררעטער, און זאלען צו דיר אומגעקעהרט ווערען
דיינע אויסגעפיקטע אויגען, זאלען זיך פארהיילען די פוילענדע
וואונדען, און זאל דיין שענדליך געשטאלט צוריקגעקעהרט ווערען
צו דעם זעלבען צושטאנד, אין וועלכען ער איז געווען אין דעם מא־
מענט, ווען דו האסט געקושט דעם פריינד, וועמען דו האסט פאר־
ראטען. לעב!"

און ווי ער האט דאס ווארט ארויסגערעדט איז פאר אלעמען
אין די אויגען דער פאררעטער ארונטערגעגאנגען פון בוים און
אנידערגעפאלען פאר דעם א ו י פ ג ע ש ט א נ ע נ ע ם און איהם
געבעטען, ער זאל איהם צוריקקעהרען צום טוידט.

„איך האב אלעמען אנגעוויזען דעם וועג צו רעטונג, — האט
דער א ו י פ ג ע ש ט א נ ע נ ע ר ווייטער גערעדט, — אבער
פאר דיר, פאררעטער, איז ער אויף אימער פארצאמט. דו ביזט
פארשאלטען פון גאט און פון מענשען, פארשאלטען אויף אימער
און אייביג. דו האסט ניט ערמארדעט דיין פריינד, וועלכער האט
פאר דיר צועפענט זיין נשמה, נאר האסט איהם געכאפט ניט
וואכענדיג און איהם איבערגעגעבען צו לעסטערונג און טוידט־
שטראף. און דערפאר פאראורטייל איך דיך צום לעבען. דו וועסט
וואנדערען פון שטאדט צו שטאדט, פון דארף צו דארף, און אין
ערגעץ וועסטו ניט געפינען קיין דאך, וואס זאל דיך באשיצען. דו
וועסט אנקלאפען אין טיר, און קיינער וועט דיר ניט עפענען. דו
וועסט בעטען ברויט — און מען וועט דיר דערלאנגען א שטיין;
דו וועסט דורשטיג זיין — און מען וועט דיר דערלאנגען א כלי
אנגעפילט מיט דעם בלוט פון דעם, וואס דו האסט פארראטען.
דו וועסט וויינען, און דיינע טרעהרען וועלען פארוואנדעלט ווערען
אין פייערדיגע שטראמען און וועלען ברענען דיינע באקען, און

באַדעקען זיי מיט מיאוס'ע קרעץ. די שטיינער, צו וועלכע דו וועסט צוגעהן, וועלען אויסשרייען: „פאַררעטער, פאַרשאַלטען זאָלסטו זיין!" דו וועסט זוכען דעם טויט אי אויפ'ן ים, אי אויף דער יבשה, און אומעטום וועט זיך פון דיר דער טוידט אפּקעהרען און וועט אויסברויזען: „זיי פאַרשאַלטען, פאַררעטער!" נאָך מעהר: פאַר א צייט וועט זיך דער שיקזאַל דערבאַרעמען איבער דיר, דו וועסט זיך ערווערבען א פריינד, און וועסט איהם פאַרראַטען. און דער פריינד דיינער וועט פון זיין געפּענקניש אויסשרייען צו דיר: „פאַרשאַלטען זיי, פאַררעטער!" דו וועסט באַקומען א געלעגענהייט צו טאָן צדקה, אבער די נשמות פון די וואס דו וועסט וועלען באַגליקען, וועלען זיך אפּקעהרען פון דיר. „א פלוך אויף דיר, פאַררעטער!" וועלען זיי אויסשרייען, „אויף דיר און אויף דיינע מעשים טובים!" און דו וועסט אַרומגעהן דורך אייביגקייטען מיט אַן אונערזעטיגטען וואָרים אין דיין האַרצען, און מיט א פאַרפלוכטער נשמה. לעב, פאַרשאָלטענער, און זיי פאַר די קומענדיגע דורות א ביישפּיעל פון די אונענדליכע ליידען, וועלכע ערוואַרטען א פאַררעטער. שטעה אויף, און, אנשטאַט א שטעקען, נעם די צווייג פון בוים, אויף וועלכער דו האָסט געזוכט צו געפינען דיין טויט, און — געה!"

און איידער עס איז אין דער לופט פאַרשוואונדען געוואָרען דאָס לעצטע וואָרט פון דעם ע ר ל ע ז ע ר איז דער פאַררעטער אויפגעשטאַנען פון דער ערד, גענומען זיין שטעקען און אוועק. זיינע טריט זיינען באַלד אַנשוויגען געוואָרען אין דער ענדלאָזער געהיימניספולער ווייטקייט, וואו איהם האָט ערוואַרטעט א לעבען פון איין אייביגקייט צו א צווייטער. און ער געהט ביז היינט צו טאָג איבער דער ערד, און זייעט קריעג און פאַראַט.

## ווי א מוזשיק האָט ערנעהרט צוויי גענעראַלען.*)

געלעבט האָבען אמאָל צוויי גענעראַלען, און אזוי ווי ביידע זיי־נען געווען לייכטזיניג, האָט ניט גענומען לאנג, און איין שעהנעם פריהמאָרגען האָבען זיי זיך ארומגעזעהן, אז זיי געפינען זיך אויף אן אומבאוואוינטען אינזעל.

געדינט האָבען די גענעראַלען עפּעס אין א רעגיסטראטור. דאָרט זיינען זיי געבאָרען, ערצויגען און אַלט געוואָרען, דאָס הייסט, זיי האָבען גאָרניט פארשטאַנען. האָבען אפילו קיין אַנדערע ווער־טער ניט געקענט, ווי נאָר „נעמט אָן די פארזיכערונג אין מיין פאָל־שטענדיגער אכטונג און ערגעבענהייט."

כיען האָט אויפגעלעזט די רעגיסטראטור, ווייל מען האָט זיי ניט געדאַרפט האָבען און די גענעראַלען האָט מען ארויסגעלאָזען פריי. האָבען זיך די גענעראַלען באזעצט אין פּעטערבורג אין בא־זונדערע דירות. יעדערער האָט געהאַט זיין קעכין און האָט באקו־מען א פּענסיע. און פּלוצלונג זיינען זיי גאָר אויף אן אומבא־וואוינזאמען אינזעל! זיי כאַפּען זיך אויף אין דער פריה און זעהען: ביידע ליגען זיי אונטער איין קאָלדרע. זיי האָבען, נאַ־טירליך, אין אָנהויב גאָרניט פארשטאַנען און האָבען גענומען רע־דען, ווי עס וואָלט גאָרניט געשעהן צווישען זיי.

— אַן אומגעוועהנליכער חלום האָט זיך מיר היינט גע־חלום'ט, אייער עקסעלענץ, — האָט איין גענעראַל געזאָגט: — איך זעה, איך בין אויף אַן אומבאוואוינטען אינזעל.

געזאָגט דאָס און איז פּלוצלונג אויפגעשפּרונגען. אויפגע־שפּרונגען איז אויך דער צווייטער גענעראַל.

— גאָט מיינער! וואָס איז דאָס אזוינס! וואו זיינען מיר?
— האָבען ביידע ניט מיט זייער קול אויסגעשריען.

---

*) איבערזעצט פון מ. אַלגין.

און האָבען גענומען איינער דעם אנדערען ארומטאפען, צו איבערצייגען זיך, אז טאקי ניט אין חלום, נאָר אין וואהר איז מיט זיי פארלאָפען אזא געשיכטע. אבער ווי זיי האָבען ניט גע־וואָלט זיך איינריידען, אז דאָס איז א חלום, האָבען זיי זיך געמוזט איבערצייגען אין דער טרויעריגער ווירקליכקייט.

פון איין זייט האָט זיך פאר זיי, צושפרייט דער ים, פון דער אנדער זייט איז געלעגען א קליין שטיקעל ערד, הינטער וועלכען עס האָט זיך געשפרייט דערזעלביגער ים. און די גענעראלען האָ־בען זיך צוואוויינט צום ערשטען מאָל נאָכדעם, ווי מען האָט צוגע־מאכט די רעגיסטראטור.

זיי האָבען גענומען איינער דעם אנדערען באטראכטען און האָבען דערזעהן, אז יעדערער שטעהט אין איין העמד, און אויפ'ן האלז ביי יעדערען הענגט אן ארדען.

— איצט וואָלט גוט געווען אויסצוטרינקען קאווע ! — האָט געזאָגט איין גענעראל, האָט זיך אבער באלד דערמאָנט, וואס פאר אן אומגעוועהנליכער פאל מיט איהם האָט געטראפען, און האָט זיך ווידער צוואויינט.

— וואס אבער וועלען מיר אָנהויבען טאָן ? — האָט ער גע־זאָגט וויינענדיג : — ווען מען זאָל איצט, א שטייגער, אָנשרייבען א באריכט. וואס פאר א נוץ וועט פון דעם ארויסקומען ?

— אָט וואָס — האָט דער צווייטער גענעראל געענטפערט : אייער עקסעלענץ וועט געהן אין מזרח, און איך — אין מערב, און אין אוועגט וועלען מיר זיך ווידער באגעגענען אויף אָט דעם ארט ; ווער ווייס, אפשר עלען מיר עפּעס געפינען.

האָבען זיי גענומען זוכען, וואו עס איז מזרח און וואו מערב. האָבען זיך דערמאָנט, ווי זייער הויפּט האָט איינמאָל געזאָגט : „אויב דו ווילסט געפינען מזרח, טאָ שטעל זיך מיט די אויגען צו צפון, און דו וועסט אין דער רעכטער האנט באקומען דאָס געזוכ־טע.״ האָבען זיי גענומען זוכען צפון, האָבען געפּרואווט זיך שטעלען אזוי און אזוי, האָבען אויסגעפּרואווט אלע לענדער פון דער וועלט, נאָר אזוי ווי זיי האָבען דאָס גאנצע לעבען געדינט אין דער רעגיסטראטור, האָבען זיי קיין זאך ניט געפונען.

— אָט וואָס, אייער עקסעלענץ : איהר וועט געהן ר'עכטס,

און איך — לינקס; אזוי וועט זיין בעסער! — האָט געזאָגט איין גענעראַל, וואס האָט אויסער דער רעגיסטראַטור נאָך געדינט אין דער שול פון די מיליטערישע קאנטאָניסטען ווי א לעהרער פון קאַליגראַפיע און איז דעריבער געווען קליגער.

געזאָגט און געטאָן. איין גענעראַל איז אוועק רעכטס און זעהט: עס וואקסען בוימער, און אויף די בוימער זיינען פאַראַן אַלערליי פרוכטען. ווייל דער גענעראַל דערגרייכען כאָטש איין עפּעל, אבער זיי וואקסען אלע אזוי הויך, אז מען דאַרף ארויפקלעטערען. האָט ער געפּרואווט קריכען, איז גאָרניט ארויסגעקומען, נאָר דאָס העמד צוריסען. איז דער גענעראַל געקומען צו א טייכעל, זעהט ער: פיש איז דאָ פאַראַן לרוב.

— אָט ווען איך האָב דאָס אַזעלכע פיש אין פּאַדיאַטשעסקאַיאַ! — האָט דער גענעראַל א קלער געטאָן, און זיין פּנים האָט זיך אַזש געענדערט פון גרויס אַפּעטיט.

געהט דער גענעראַל אריין אין וואלד און זעהט: אַלערליי פויגלען פליהען אום, א סך פון זיי זינגען, האָזען לויפען אומעטום ארום.

— גאָט מיינער, וויפיל שפּייז! — האָט געזאָגט דער גענעראַל און איהם איז ניט גוט געוואָרען.

אָבער וואָס קען מען מאַכען, מען מוז זיך אומקערען מיט לעדיגע הענט. קומט דער גענעראַל, און דער אנדערער וואַרט שוין אויף איהם.

נו, וואס הערט זיך, אייער עקסעלענץ, האָט איהר עפּעס געפונען?

— געפונען אן אלטען נומער „מאָסקאָווסקיא וויעדאָמאָסטי", מעהר גאָרניט!

האָבען זיך די גענעראַלען ווידער געלעגט שלאָפען, אבער עס שלאָפט זיך ניט, ווען מען איז הונגעריג. דאָ באַאונרוהיגט זיי דער געדאַנק, ווער וועט פאַר זיי באַקומען די פּענסיע, דאָ דערמאָנט זיך זיי, וואָס זיי האָבען בייטאָג געזעהן: פרוכט, פיש, פויגלען, האָזען.

— ווען וואלט דאָס גאר איינגעפאַלען אייער עקסעלענץ, אז די מענשליכע שפּייז אין איהר אורשפּרינגליכער פאָרם קען

פליהען, שווימען און וואקסען אויף בוימער? — האָט געזאָגט איין גענעראַל.

— יע, — האָט דער אנדערער גענעראַל געענטפערט : — דעם אמת גערעדט, האָב איך אויך אזוי געטראכט, אז בולקעס וואקסען אוים אזעלכע, ווי מען גיט זיי צום קאווע.

— איז, הייסט דאָס, ווען איינער וויל א שטיינער אויפעסען א רעבהוהן, דארף ער צוערשט פאנגען, הרג'ענען, אפפליקען, אפבראָטען... אָבער ווי ווערט דאָס אלץ געטאָן?

— ווי אזוי ווערט דאָס געטאָן? — האָט ווי אן עכאָ ווידער־האָלט דער אנדער גענעראַל.

זיי זיינען אנשווייגען געוואָרען און האָבען געפּרואווט איינ־שלאָפען; אָבער דער הונגער האָט פארטריבען דעם שלאָף. האָ־זעלהיהנער, אינדיטשקעס, חזרים'לעך האָבען זיך געטראָגען פאר די אויגען, זאפטיגע, אביסעל צונערויטעלטע, מיט אוגערקעס, פּי־קעלס און סאַלאַט.

— איצט וואָלט איך, דוכט זיך, מיין איינענעם שטיוועל אויפ־געגעסען! — האָט איין גענעראַל געזאָגט.

— גוט וואָלט אויך געווען הענטשקעס, וואס מען האָט לאַנג געטראָגען! — האָט אָפּגעזיפצט דער צווייטער.

פּלוצלונג האָבעןביידע גענעראַלען א קוק געטאָן איינער אויפ'ן אנדערען. אין די אויגען האָט געלויכטען א בייזער פייער, די צייהן האָבען געקלאפּט, פון ברוסט האָט זיך ארויסגעריסען א ווילד ברומען. לאַנגזאם האָבען זיי גענומען צוקריכען איינער צום אנדערען און אין איין אויגענבליק זיינען זיי ווילד געוואָ־רען. עס האָט זיך דערהערט א געוויימער און א קרעכצען; דער גענעראַל, וואס איז געווען א לעהרער פון קאליגראפיע, האָט אפּגע־ביסען ביים חבר דעם אָרדען און האָט דאָס באַלד אראָפּגעשלונ־גען. אָבער ווען זיי האָבען דערזעהן בלוט, זיינען זיי אביסעל גע־קומען צו זיך.

— גאָט איז מיט אונז! — האָבען זיי ביידע מיט אמאָל גע־זאָגט: — אזוי קענען מיר דאָך איינער דעם צווייטען אויפעסען!

— און ווי אזוי זיינען מיר אהער אריינגעפאלען! ווער איז דער רשע, וואס האָט אונז אפּגעטאָן אזא שפּיצעל!

— מען דארף, אייער עקסעלענץ, זיך צושטרייען אביסעל מיט א געשפרעך, אנדערש וועט דא ביי אונז זיין א מארד! — האט איין גענעראל ארויסגערעדט.

— הויבט אן! — האט דער צווייטער גענעראל געענט־פערט.

— וואס, דהיינו, טראכט איהר וועגען דער זון: פאר וואס געהט זי פריהער אויף און דאן פארגעהט זי, און ניט פארקערט?

— א זאנדערבארער מענש זייט איהר, אייער עקסעלענץ! איהר שטעהט דאך אויך פריהער אויף, געהט אין דעפארטמענט, שרייבט דארט, און דאן געהט איהר שלאפען.

— אבער פאר וואס זאלען מיר דאס ניט איבערשטעלען אזוי: צוערשט לעג איך זיך שלאפען, זעה אלערליי חלומות, און דאן שטעה איך אויף?

— המ... יע... און איך, דעם אמת גערעדט, האב געדינט אין דעפארטמענט און אלעמאל געקלערט: אט איצט איז מארגען, דאן וועט זיין טאג, שפעטער וועט מען געבען אוונטברויט און מען וועט דארפען געהן שלאפען!

אבערביים דערמאנען אוונטברויט זיינען ביידע טרויעריג געווארען און האבען אפגעהאקט דעם געשפרעך.

— געהערט האב איך פון א דאקטאר, אז דער מענש קען זיך א לאנגע צייט נעהרען מיט זיינע אייגענע זאפטען, — האט ווידער אנגעהויבען איין גענעראל.

— וואס הייסט?

— פשוט. די אייגענע זאפטען גיבען, הייסט דאס, ארויס אנדערע זאפטען, די גיבען ארויס נאך זאפטען, און אזוי ווייטער, ביז אלע זאפטען ווערען ניט ענדליך ערשעפט...

— און וואס איז דאן?

— דאן מוז מען נעמען עפעס אין מויל...

— טפו!

מיט איין ווארט וועגען וואס די גענעראלען האבען ניט אנ־געהויבען רעדען, איז דער געשפרעך אלץ איבערגעגאנגען צום עסען, און דאס האט נאך מעהר גערייצט דעם אפעטיט. האבען זיי באשלאסען: אויפהערען אינגאנצען צו רעדען, און דערמאנענ־

דיג זיך וועגן דעם געפונענעם נומער „מאָסקאָווסקיא וויעדאָ־
מאָסטי", האָבן זיי איהם דורשטיג גענומען לעזען.

„נעכטען — האָט מיט אַן אויפגערעגטער שטים געלעזען איין
גענעראַל, — זיינען ביי דעם ווירדיגען הויפּט פון אונזער שטאָדט
געווען געסט צו מיטאָג. דער טיש איז מערקווירדיג רייך געווען
סערווירט אויף הונדערט פּערזאָן. עס האָט אויסגעזעהן, ווי די
געשאַנקען פון אַלע לענדער וואָלטען באַשטימט אַ ראַנדעוואו אויף
אָט דעם צויבערליכען פּעסט. דאָ זיינען געווען זעלטענע זאַכען...
דאָ זיינען געווען סטערלעט, ערדבערען, קאַווקאַזער פאַזאַנען און
וואָס ניט..."

— טפו! קענט איהר דען ניט געפינען, אייער עקסעלענץ,
אַנאַנדער זאַך? — האָט פאַרצווייפעלט אויסגעשריען דער צוויי־
טער גענעראַל, האָט אָפּגענומען ביים חבר די צייטונג און געלע־
זען:

„פון טולא שרייבט מען: נעכטען איז אין דעם היגען קלוב
געווען אַ פעסטיוואַל, צו פייערען די אומערהערטע געשעהעניש,
וואָס מען האָט אין טייך אופּאַ געכאַפּט אַ סטער. דעם פאַראור־
זאַכער פון דער געשיכטע האָט מען אַריינגעטראָגען אויף אַ גרוי־
סער הילצערנער שיסעל, וואָס איז געווען אַרומגעלעגט מיט אוגער־
קעס, און אין מויל האָט מען איהם אַריינגעלעגט אַ שטיקעל סלע־
ני. דאָקטאָר פּ. האָט אַכטונג געגעבען, אַז אַלע זאָלען באַקומען
אַ טייל. דער סאוס איז געווען דער פאַרשידענאַרטיגסטער..."

— ערלויבט נאָר, אייער עקסעלענץ, איהר זייט אויך ניט
זעהר פאַרזיכטיג אין אויסקלייבען לעזעשטאָף! — האָט דער ערש־
טער אונטערבראָכען, האָט צוגענומען די צייטונג און איבערגע־
לעזען:

„פון וויאַטקאַ שרייבט מען: איינער פון די היגע תושבים
האָט ערפונדען אַן אָריגינעלען וועג ווי צו מאַכען פיש־זופּ: ער
נעמט צוערשט אַ לעבעדיגען קוואַפּ און שמייסט איהם; דאַן, ווען
זיין לעבער ווערט פון ערגערניש פאַרגרעסערט..."

די גענעראַלען האָבן אַראָפּגעלאָזען די קעפּ. אויף וואָס נאָר
זיי האָבן ניט אַ קוק געטאָן, אַלץ האָט דערמאָנט וועגן עסען.
זייערע אייגענע געדאַנקען האָבן קאָנספּירירט געגען זיי, ווי זיי

האָבען ניט געוואָלט פאַרטרייבען די פאַנטאַזיען וועגען ביפשטעקס, זיינען די פאַנטאַזיען מיט גוואַלט אַריינגעדרונגען אין קאָפּ.

אָבער פּלוצלונג איז דעם גענעראַל, וואָס איז געווען אַ לעהרער פון קאַליגראַפיע, געקומען אַ ליכטיגער געדאַנק:

— הערט נאָר, אייער עקסעלענץ, וואָס וואָלט געווען, ווען מיר זאָלען געפינען אַ מוזשיק? — האָט ער מיט פרייד געפרעגט.

— וואָס הייסט... אַ מוזשיק?

— אַ פּשוט'ען מוזשיק... ווי די מוזשיקעס זיינען געוועהנ־ליך! ער וואָלט דאָך אונז באַלד דערלאַנגט בולקעס, און וואָלט אונז געפאַנגען האַזעלהיהנער און פיש.

— המ... אַ מוזשיק... אָבער וואו נעמט מען איהם, דעם מוזשיק, ווען ער איז ניטאָ?

— וואָס הייסט, ניטאָ קיין מוזשיק? אַ מוזשיק איז אומע־טום דאָ, מען דאַרף איהם נאָר אַ זוך טאָן! ער האָט זיך שוין געוויס ערגעץ וואו באַהאַלטען, וויל ניט אַרבייטען!

דער געדאַנק האָט אַזוי ערמוטיגט די גענעראַלען, אַז זיי זיי־נען גלייך אויפגעשפּרונגען און זיך אוועקגעלאָזען זוכען אַ מו־זשיק.

לאַנג האָבען זיי אומגעוואַנדערט איבער'ן אינזעל אָהן ער־פאָלג, ענדליך אָבער האָט דער שאַרפער ריח פון שלעכטען ברויט און זויערען שעפּסען־פלייש זיי געבראַכט אויף אַ שפּור. אונטער אַ בוים, מיט'ן בויך אַרויף און אונטערלעגענדיג דעם פויסט אונ־טערען קאָפּ, האָט געשלאָפען אַ מוזשיק אַ ריעז און האָט אויף דעם חוצפּה'דיגסטען אופן זיך אַרויסגעדרעהט פון אַרבייט. דער צאָרן פון די גענעראַלען האָט ניט געהאַט קיין גרענעץ.

— שלאָפסט, דו פוילענצער! — האָבען זיי זיך אַרויפגעוואָרפען אויף איהם. — דיר הויבט גאָר ניט אָן, ווייט אוים, צו אַרעו, וואָס צוויי גענעראַלען געהען דאָ אַרום דעם צווייטען מעת לעת און שטאַרבען פון הונגער! מאַרש אַרבייטען!

דער מוזשיק איז אויפגעשטאַנען. ער גיט אַ קוק: בייזע גענעראַלען! האָט אַ ווײַלע געקלערט צו מאַכען פּליטה, אָבער זיי האָבען זיך איינגעגעסען אין איהם און געשטאַנען ווי פאַרגלי־ווערטע.

און ער האָט גענומען ארבייטען.

צוערשט איז ער ארויפגעקראכען אויף א בוים און האָט אָנגע־ריסען פאר דיביידע גענעראַלען צו צעהנדליג פון די רייפסטע עפּעל, און זיך האָט ער גענומען איינעם, א זויערען. דאן האָט ער א גראב געטאָן אין דער ערד און האָט ארויסגענומען אביסעל קארטאפעל. דאן האָט ער גענומען צוויי שטיקער האלץ, האָט זיי געריבען איינס אן דעם אנדערען און האָט באקומען פייער. דאן האָט ער פון די אייגענע האָר געמאכט א פּאסטקע און געפאנגען א האזעלהוהן. ענדליך האָט ער צולעגט א פייער און האָט אָנ־געבאקט אזוי פיעל פארשידענע עסענווארג, אז די גענעראַלען איז אפילו איינגעפאלען: אפשר געבען דעם פוילענצער אויך א טייל־כעל?

די גענעראַלען האָבען געקוקט אויף די באמיהונגען פון דעם מוזשיק, און זייערע הערצער זיינען אָנגעפילט געווארען מיט פרייד. זיי האָבען שוין פארגעסען, אז נעכטען זיינען זיי שיעור געשטאר־בען פון הונגער, און האָבען געקלערט: „אָט ווי גוט דאָס איז צו זיין גענעראַלען — וועסט אין ערגעץ ניט פארפאלען ווערען!"

— זייט איהר צופרידען, הערען גענעראַלען? — האָט זיי געפרעגט דער פוילער מוזשיק.

— צופרידען, ליבער פריינד, מיר זעהען, ווי דו מיהסט זיך!

— האָבען די גענעראַלען געענטפערט.

— וועט איהר איצט ערלויבען אָפּצורוהען?

— רוה אָפּ, פריינד, נאָר פריהער מאך א שטריקעל.

דער מוזשיק האָט צונויפגענומען ווילדען האנף, האָט דאָס איינגעווייקט, אָנגעריבען געדרעהט — און אין א מאָמענט איז א שטריק געווען פארטיג. מיט׳ן שטריק האָבען די גענעראַלען צו־געבונדען דעם מוזשיק צו א בוים, אז ער זאָל ניט אנטלויפען, און אליין האָבען זיי זיך געלעגט שלאָפען.

עס איז אריבער א טאָג, און נאָך א טאָג, דער מוזשיק איז געווארען אזוי פלינק, אז ער האָט גענומען קאָכען זופּ אפילו אין הויפען. די גענעראַלען זיינען געווארען פרעהליך, ווייך, זאט, ווייס. זיי האָבען גענומען רעדען אז דאָ זיצען זיי אויף אלעם

פּאַרטיגען, און אין פּעטערבורג קלייבען זיך דערוויילע אַן זייערע פּענסיעס.

— און, ווי מיינט איהר, אייער עקסעלענץ, איז טאַקי אין דער אמת'ען געוועזן דער טורעם פון בבל, אדער דאָס איז גאָר אזוי זיך א מעשה? — פרעגט איין גענעראַל דעם צווייטען נאָך פריה־שטיק.

— איך מיין טאַקי אייער עקסעלענץ, אז דאָס איז געוועזן, ווייל ווי אזוי קען מען אנדערש ערקלערען, וואס אויף דער וועלט זיינען פאַראַן פאַרשידענע שפּראַכען?

— הייסט דאָס, איז דער מבול אויך געוועזן?

— דער מבול איז אויך געוועזן, ווייל אנדערש ווי אזוי וועט איהר ערקלערען די עקזיסטענץ פון די פאַר מבול'דיגע חיות? און נאָך מעהר, אין „מאָסקאָווסקיא וויעדאָמאָסטי" ווערט דערצעהלט...

— זאָלען מיר אפשר טאַקי א לעז טאָן די „מאָסקאָווסקיא וויעדאָמאָסטי"?

געפינען זיי דעם נומער, זעצען זיך אין שאָטען, לעזען דורך פון אָנהויב ביז'ן סוף, ווי מען האָט געגעסען אין מאָסקווע, אין טולא, אין פּענזא, אין ריאַזאַן, — און גאָרניט, עס איבעלט זיי אפילו ניט!

---

סוף כל סוף אָבער איז די גענעראַלען געוואָרען לאַנגווייליג. אלץ אפטער און אָפטער האָבען זיי גענומען דערמאָנען די קע־כינס וואס זיי האָבען איבערגעלאָזען אין פּעטערבורג און האָבען שטילערהייד אפילו געוויינט.

— וואס זשע טוט זיך איצט אין פּאָדיאַטשעסקאַיא, אייער עקסעלענץ? — פלעגט איין גענעראַל פרעגען דעם אנדערען.

— רעד בעסער ניט, אייער עקסעלענץ, דאָס הארץ טוט וועה!

— פלעגט דער אנדערער ענטפערען.

— גוט איז דאָ, ניטאָ וואס צו רעדען, אבער פאַרט א שאָד, דעם מונדיר אויך א שאָד!

— נאָך ווי! באזונדערס ווען דאָס איז פון פערטען קלאַס, פון איין קוק אויפ'ן גענעה וועט זיך דער קאָפּ פאַרדרעהען!

און זיי האָבען גענומען דערעסען דעם מוזשיק: ברענג אונז,

אוי ברענג אונז אויף פּאַדיאַטשעסקאַיאַ ! און וואָס זאָגט איהר נאָר דערצו, עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער מוזשיק ווייס אויך פון פּאַדיאַטשעסקאַיאַ. ער איז דאָרטען געווען. האָט האָניג, ביער געטרונקען, איבער די וואָנצען האָט גערונען און אין מויל איז ניט אַריינגעקומען !

האָבען זיך די גענעראַלען דערפרעהט.

— מיר זיינען דאָך גענעראַלען פון פּאַדיאַטשעסקאַיאַ ! —

— און איך, אויב איהר האָט נאָר געזעהן : עס הענגט אַ מענש אויסער'ן הויז, אין אַ קאַסטען אויף אַ שטריק, און שמירט די וואַנט מיט פאַרב, אָדער גערהט אום איבער'ן דאַך ווי אַ פליג, בין איך דאָס געווען ! — האָט דער מוזשיק געענטפערט.

און דער מוזשיק האָט גענומען שטאַרק קלערען ווי אַזוי צו דערפרעהען די גענעראַלען, וואָס האָבען איהם אַזוי גוט באַהאַנדעלט און ניט גע'מיאוס'ט זיך מיט זיין אַרבייט. און ער האָט אויסגע־בויט — ניט קיין שיף, נאָר עפּעס אַזאַ מין כּלי, אַז מען זאָל קאָ־נען אין איהר איבערשווימען דעם אָקעאַן ביז צו פּאַדיאַטשעס־קאַיאַ.

— דו זעה נאָר, טויגעניכטס, דערטרינק אונז ניט ! — האָבען די גענעראַלען געזאָגט, דערזעהענדיג דאָס שיפעל, וואָס האָט זיך געשאָקעלט אויף די וועלען.

— זייט רוהיג, העררען גענעראַלען, ניט צום ערשטען מאָל מיר ! — האָט געענטפערט דער מוזשיק און האָט זיך גענומען גריי־טען צום אָפּפאָהרען.

דער מוזשיק האָט צונויפגעקליבען ווייכען פּוך פון אַ שוואַן און האָט מיט דעם אויסגעלעגט דעם דעק פון שיפעל. דאַן האָט ער אַריינגעלעגט די צוויי גענעראַלען, האָט זיך איבערגע'צלמ'ט און איז אָפּגעשוואומען. וויפיל שרעק די גענעראַלען האָבען אי־בערגעלעבט אויפ'ן וועג פון שטורעמס און ווינטען, וויפיל זיי האָבען געזידעלט דעם מוזשיק פאַר זיין פוילקייט, דאָס קען קיין פעדער ניט באַשרייבען. און דער מוזשיק רודערט אַלץ און גיט די גענעראַלען הערינג.

און אָט איז ענדליך די מוטער־נעוואַ, אָט איז דער וואָוולער יעקאַטערינינסקי קאַנאַל, און אָט איז אויך באָלשאַיאַ פּאָדיאַטשעס־

קאַיאַ! די קעכינס האָבען אַזש אויסגעשריען פאַר ערשטוינונג, וואס פאר זאַטע, ווייסע און פרעהליכע זייערע גענעראַלען זיינען געוואָרען. האָבען די גענעראַלען זיך אָנגעטרונקען מיט קאַווע, אָנגעגעסען זיך מיט פוטערקוכענס און האָבען אָנגעטאָן די מונדירען. דאַן זיינען זיי געפאָהרען צו דער רעגירונגס קאַסע, און וויפיל געלט זיי האָבען דאָרט אַפגענומען, דאָס קען קיין פעדער ניט באַשרייבען!

זיי האָבען אָבער וועגען דעם מוזשיק אויך ניט פאַרגעסען — האָבען איהם אַרויסגעשיקט אַ גלעזעל בראַנפען און אַ זילבערנע פינף קאָפּיקענע מטבעה: זאָל זיך דער מוזשיק אויך פרעהען!